הערש לייב יוּנג

# אין די אַסטראַל-ספירות

פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישראל
1974

אַ פאָר לעצטע אומבאַשטימטע לידער
פונעם בוך זענען, מיט אַ צעבראָכן האַרץ,
צוגעטיילט דעם אָנדענק פון מיין ברודער
איציק שמואל ז״ל, אויסגעגאַנגען
י״א סיון, תש״ל (דעם 15טן יוני 1970).
אָפגעמאַטערט זיך אַ לעבן, און נפטר
געוואָרן אין שרעקלעכע ליידן.

ת נ צ ב ה



הערש לייב יונג

אויטאָפּאָרטרעט, געמאָלן פונעם מחבר אין יאָר 1951

אַלע לידער פון דעם בוך זענען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1966—1971 און זיי זענען אויסגעבעסערט געוואָרן פאַרן דרוק.

דער מחבר גרייט צו דאָס בוך א"נ
אויף זונזינק-שליאַך



חנה יונג

פּאָרטרעט, געמאָלן פונעם מחבר

# אינהאלט

# אין גאַנג צום האָריזאָנט

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

אַקעגן מזרח-וואַלד,
האָב איך פון מיין פאַרטונקלט הויז,
לאָדן און פענצטער צעפּראַלט,
צום שאַריענדיקן טאָג-אויפשלאָג.
פריי געלאָזט אין דרויסן אַרוים,
זינגפויגל,
פּאַפּוגיי, שטוב־ראָב, פון שטייגל און קויטע.
די טויבן דורך צעעפנטע שלאַקשויבן
הושענדיק צעטריבן.
געוואָרפן רוקזאַק אויף פּלייצע,
פאַרזשמורענדיק די אויגן,
מיטן אָמאַר־קאַיאַם שיר,
געשפּאַנט צום צעצונדענעם האָריזאָנט,
שוועל פון דיין לאַנד,
צו באַגעגענען זיך מיט דיר —
שאַקונדראַ.

כ'האָב אונטערגענומען
ביים הימלראַנד
צעפלאַקערט מיט ליכט
דורכצושווימען די ברענענדיקע טייכן,
פלאַטערנדיק געטראַכט
ווי אַזוי דיין וווינאָרט צו דערגרייכן —
שאַקונדראַ.

מ׳זאָגט:
אויפן שטייגשטעג,
ווו קאַיאַר ווערט פון פינצטערניש אַרויסגעיאָגט,
איז גאַנג-סטעזשקע אַ געקירצטע;
ס׳נעמט ניט לאַנג
דעם מענטש, זיין ווונטש צו דערפילן,
די באַהאַרצטע
בענקשאַפט איינצושטילן.

בשעת הינט האָבן געבילט צום פייערדיקן וואַלד,
האָב איך פון הויז, לאָדן און פענצטער צעפראַלט,
פריייגעלאָזט אין דרויסן אַרויס,
קראַקענדיקע ראָב, פויגל פון שטייגל,
גרין-רויטע פּאַפּוגע-שוטה: —
און בין אַוועק אין זיידענעם כאַלאַט,
הימל-בלאָע טאַגאַר-טאָגע,
אויף באַלאָכטענעם שליאַך,
דעם רוביאַט צו ברענגען,
פאַר דיר אויסצוזינגען,
כ׳האָב געטראַכט:
דער שפּיל-פויגל וועט נאָענט אַ בוימצווייגל געפינען,
מיט אַ שטראַלן-נעסט אויסגעשפּונען.
די טויבן און שטוב-ראָב, מיט אירע זיען,
וועלן ווי יאַסטרעב און קראָען זיך צעפליען,
די פּאַפּוגיי מיט די קאָליר-פעדערן,
וועט אויך ווו אַראָפּנידערן —
זאָל די השגחה זיי היימען ווייזן,
באַפּרוכפּערן און שפּייזן.

פאַר וואָס צעגערנדיק געוואַרט? —
לאַנג געווען אין אַ תפיסה פאַרשפאַרט,
מיין אָפּגעבליאַקעוועט געזאַנג
האָט רעדפויגל פּאָטאַקעוועט, מיר נאָכגעקרימט.
כ׳האָב געפילט, אַז די זמר־שורות פרירן
רעפריגירין פון זיך אַ קעלט —
שאַקונדראַ.

כ׳בין אַוועק, אַן אַמאָר־העלד, מיטן דמיון צעשפּילט,
אַריבערצושפּאַנען אין מזרח־ראַנד דעם כאור־פּרוזדור
אין דיין לאַנד אַריינצוקומען
איבער באַרגשפּיץ שטייגן,
אויף טאָלוועגן זיך נאָכפרעגן,
דיין באַזיץ־פּאַלאַץ אָנצוצייגן.
אַז כ׳וועל פאַר נאַכט, ווען ס׳צינדן זיך ליכט,
מיד אויפן שטעקן זיך אָנלענען,
מיט אַ ברכה
פון צאַפּלדיקער זעל
שעפּטשענדיק געגנענען
צו דיין מיט רויזן פאַרוואַקסן הויז —
שטיי אויף דער שוועל,
פאַר אָפענער טיר.
דיך צו דערקענען, האַלט רויטע בלומען,
ניט פאַרוויאַנעטע, אַ סימן,
און וואַרט אויף מיר —
שאַקונדראַ.

# חנה

צינד אָן בין השמשות, אין נשמה דיינער,
ווי כ'האָב אין מיינער,
דעם נפש-קנויט,
צו באַלייכטן ווי אַ קאַניץ
אין אַ וואָלקן געדיכטן,
גרענעץ פון טויט —
ענג-שמאָלן גאַנג, צעשלענגלט אָן אַן עק.

מירן אַריבערבראָדזשען די כמאַרעס פון מיתה-שרעק.
מיסטיש גלייביקע —
ביים צאַנק-שיין, פאַר גופיקער פטירה
אַריינצושוועבן אין ספירה פון לעבן-אייביקע.

צעפליגלטע ציען איבערן פאָרטונאַ-שליאַך.
ווערן אויף די שטערן אָנגעלייגטע געסט,
פון זייערע בני-ברואים אָן חטאים,
יובלדיק באַגריסט.
דערנאָך ווייטער,
אין אַ ראַקעטון דורך נעפלדיקער ערבה,
מיט אַ שום-גבורה אַרויפגעשלאָגן,
זיך טראָגן איבער זון-פאַסמעס,
צום ווייטסטן בלענדענדיקן פונקט פון קאָסמאָס.
אַ דויערנדיקער בליצפאָר פון מיליאָנען ליכטיאָר.

האָבנדיק אַריינגעפלויגן אין אַ רעגנבויגן-פּלאַנעט,
גאָלע אַראַראַ-שטעט —
מיט עדן-גאָרטנס, זאַפט רויז-רויטן, חיות-שויטן,
בייטן בלומען, אַלע סאָרטן

טובל־טייכן, שימערדיקע בוכן, טוענדיק זריחהש צעשוימען,
בלישטשענדיקע טרוימען.

דערזען:
אויף אַ לבנה־אינדזל
בערשטלט אַריין מיט שטראַל־פּינדזל
אין אַסטראַל־קאַנווע,
אַ זקן,
זיינע אַוועקשווינדלדיקע טעג;
טינקט אין אַ פּאַליטרע־טשערב
בריליאַנט־פאַרב;
מאָלט אַריין אויסגעפלאַמטע מינוטן,
פאַרשוווּנדענע פרייד, באַזעלט
פון די בלוטן אַרויסגעהעלט.

אויך מירן אַריינמישן אין געשמיר
צאַנקענדיקן ליכט־שימעריר,
וואָס ניט אויסגעלאָשן;
פּעדעם־בליסק פון אונדזער הייליקן גלויבן
אין דעמערדיקן זון־פאַר׳גון׳ט אָוונט־לייוונט,
פלאַטערנדיק פאַרוועבן.

ווי וועגן אליהו, תנך־נביא,
וואָס געוואָרן פון שטורעמווינט
אין אַ פייערבראַנד־וואָגן
צום קודשי קדשים אַוועקגעטראָגן —
זאָל גערן
פאַרשריבן ווערן
אויף געדויער־פּאַפּיר
— אַז מיר זענען בבחינה חלום געווען ווערט
צי דערהייבן זיך פון דער ערד

אין אַ ראַקעטון,
אַריבער דער זון;
אַריינשוועבן אין אייביק לעבן,
אויף אַ פּלאַנעט מיט אַראַראַ־פאַרבן,
פון פרײדצייט —
אויף קיין מאָל אָפּצושטאַרבן.

זאָל זיין אָן אַ שום מיטל
אויף אַ ספר־בלעטל
די הגדה פאַרמגילהט, איינגעתפילהט,
מיט אותיות געגילדט,
דער אורך־חיים,
אונדזער נצח־קיום,
און פאַר גרויס, קליין, קלוג־אַלטע לייט,
אין שקיעהדיקן פאַרשיין,
מיט זונזיילן,
ביים אונטערגאַנג,
אין אַ בוידעם־שטיבל
זיך מעשׂה־נוראדיק דערציילן:
ווי מיר האָבן יאָרן לאַנג
אין קריכיק פחדדיקע צייט
פון טויט זיך אויסגעדרייט,
פאַרן אימהדיק אָן חלום
פינצטער תמיד שלאָפן,
אין כל־עולם אַנטלאָפן — — — —

און די פאַרשוינען, וואָס וועלן לייענען,
זאָלן ווונדערנדיק גאַפן
און אונדז מקנא זיין.

## זוגתי מיינע...

מיט מענטאַל חיות־באַגאַזש וועלן מיר, זוגתי מיינע,
האָריזאָנטאַלע גלייזן
פון שקיעה־בריק אַריבערשפּרייזן,
אָן רעש פון דאָיִק לעבן
צעפליגלט אויפשוועבן.
אַוועק פון די ניט דערזדראָכעטע טעג,
גראָע, וואָס פאַרנעפּלען אונדז די ראיה.

לאָמיר אַריין, פון שכינה באַגלייט,
אין דער העל־געטלעכקייט,
איידער דער טונקלער צוג יאָגט אָן,
כאַפּט אויף אין לויף.

דאָס גאַסאָמאַר־געשפּין *
אַקעגן דער זון,
איז אַ בליצנעץ פאַרן פליגפלאַטערל
און זעלשמעטערל,
אַקעגן צעצונדענעם האָריזאָנט,
ס'קען זיך אַ מיראַזש צעבליען, צוציען,
דוכטן אַ גן־עדן, סעלעסטיאַל צעלאָכטן.
בעסער אויסמיידן פאַטאַלן שיין —
אַנטווישן ביים אויסלעשן,
נאָך בלייבן אַליין,
אין אַ מדברדיקן רווים
איינגעפינצטערט אָן טרוים.

---

* שפינוועב

חנה,
מיט גאַנצן מתנה — די פּלי־פאַנטאַזיע,
לאָמיר פון שקיעה־בריק
האָריזאָנטאַלע גלייזן אַריבערשפּרייזן,
איידער טונקלער צוג יאָגט אָן
און שלעפּט מיט זעל,
אין לאַנג־חושכדיקן טונעל —
אַן אָנסופיקער פּאָר,
מיט אַ לעצטער רגע אומבאַשיצטע,
אַ הרף־עין געשפּין,
פון פאַרשוווּנדענעם יאָר.
לאָמיר איבערן אפּק אַוועק,
מיטן ביסל איבריק לעבן —
זון נאָכשוועבן —
זוגתי מיינע.

## וועט אַ פונק ווו בלייבן טליִען?

וועט אַ פונק ווו בלייבן טליִען,
אַ נשמה־צאַנק גליִען,
בתוך אַ זכרון אויפפלאַמען,
אַ רגע ברי דורכצופילן,
און אין אַ דראָזש אָפּקילן —
וועט אונדז וער אַזוי דערמאַנען?

פון מרומות באַשערט,
אונטער זון איבער ערד צעפּאַקלט,
האָט מיך און דיך פון ווייטע מקומות
צופאַל־גורל צונויפגעפירט,
האַרץ־כוואַליעס צעוויברירט,
מיט אַ ברען נשמות מזווג געווען,
איינגעהעקלט ווי פון בראשית אָן
אין אַן אור־קדם־פּאָר.

וועט ס׳משונה־לעבן
מיט יסורימדיק אויפברויזן —
אַ קאָשמאַר־וואָר,
אין שווינדל־צייטס פאַרשוועבן —
צער׳יקן ווי נאָך זיך לאָזן,
עמעצענס אַ בענקעניש האָבן צעוועקט?
ניט זיין פון פינצטערניש אָפּגעמעקט?

אומזיע-פעדעם פון נפשות צוזאַמענגעבונדן,
מיט אַ געהיימפּלאַם, ווי קנויטן אַנגעצונדן,
זופּן אוים טראַפּנווייז חיות-אויל,
פון קאָסמאָס-קוואַל;
מיט אָטעם-כוח איינגעשעפּט,
ווערט נאָך יעדן אויסדעך,
קילבלעכער אויסגעוועפּט.
אין מילשטראָם, פון היה היה-ים,
טוט מען זיך צום אָפּגרונט דראָדלען.
עגמת-נפש פון פּיין געדריקט,
רוחניותדיקע נשמה-פּיברעס,
ווערן דורך טרערן, אין ראיה-בליק
ווי פון שטראַל-נאָדלען
אין שקיעת-החמה-שיין אריינגעשטריקט.

פאַר וואָס, חנה,
מלמדה מיינע,
האָט די הייליקע השגחה
אין אַ בידנער מערכה
אונדזביידע, ווילד-פרעמדע,
מיט לבב-צויטן, פאַרקנופּט?
צאַפּט פון טיף-טריף אַרוים,
ציפּט מיט אַ ריס,
פּאַסטריגעס פון לאַמענט,
און פאַרשפּינט די לאַך-רגעס
פון אָוונט-לייוונט,
וואָס ווונדיקע פייערן האָבן דורכגעברענט?

סטויכט אויף אַ וויזיע,
אַ צעשפּילטע פֿאַנטאַזיע:
ראָבן און טויבן, שוואַרץ און ווייס
פֿליגלדיק צעפֿלאַטערט,
ווי אין תּפֿילות צעציטערט,
טשאַטעווייז אַוויאַטירן אין אַ קרייז.

איינגעטיפֿט אין געדאַנקען —
באַ׳רושם׳ט פֿון זון־זינקען,
פֿרעגט זיך:
בשעתן זעליקן צאַפּלען אַצינד,
וועט נאָך אונדז לעבן בלייבן
אַ יומן־סימן אָנגעצונדן?
וועט אַריינהיימלעכן ביי וועם
אונדזער אויספּלאַם,
ווען מיר׳ן פֿאַרשווינדן,
אין אייביקן טומאַן,
פֿון אָבליוויאָן?

## מענטאַל־אַסטראָנאַט

איך, דער מענטאַל־אַסטראָנאַט,
מיט ווייטן קוק,
בין אָן הכנות אימאַזשענדיק אַוועק
ווייט העט איבער סאָלאַר־געגנט,
מיט אַרומיאָגנדיקע פּלאַנעטן,
לבנות, אַפילו פון גייסטער ניט באַטרעטן.

מיך האָט געצויגן
זיין צעפלויגן
איבערן אומגעהייער גרויסן דרויסן,
בתוך אָן אַ ספיקן דויער —
אַריין אין רוים פון שטערן
מיט מעטעאָרן צערעגנט.

געטראָגן זיך במחשבה, אויף פלישיף
אין בלאָעם טיף פון חלל,
געבלאָנדזשעט אין תבל,
בתוך איינגענעפּלטער מדבר־סביבה.
דורכגעאײַלט אין פליִען
צעוויכערט, להבה־זאַווערוכעס,
אויסברענענדיק מיטן כאַאָס־פּלאַם
אַ גאַלאַקסישן תהום פון צעשטורעמטע שנייען.

מיר איז געלונגען אַריין
אין הבלדיקן המשך
פון בראשית־חושך,
ווו ליכטשטראַל,

ניט דערגרייכט,
אויסשפּרייט איז צעהימלט,
תוהו איינגעשימלט
אין אייביקייט.
השקפה פון השגחה־אויג,
האָט נאָך ניט אַריינגעדרונגען,
בתוך וועלביקן אויסבויג,
מיט עיפּושדיקן וואָלקן־פאַרוועלק,
מאַכן טאָלק:
צו בהלה, הבלה,
אין נצח־ממשלה,
אַ זריחה־זדראָכע אַריינוווינטלען
אין דער חשכה.
זונען צעפּלאַקערן,
אַ באַגינען אַריינאַקערן,
בתוך דער שואָה־ובוהו,
פון כל עולם —
אויסלייטערן, צעברייטערן דעם אוניווערז.

דאָרט, אין הילכנדיקן פּאַרטוויב
פון צעפּיפּלטן שטויב,
דערפּילט
אין אויסער־וועלט
מיין אַנגסטיקן חלום,
משונהדיק שפּינען.
בעת פליערײַ,
אל־שדי אַרומגעזוכט,
אַלע טיפענישן דורכגעטויכט,
אַ שרעקלעכן עלנט אין זיך געפונען.

כ׳בין מקנא געווען
די אויף דר׳ערד,
ניט געשטערט פון ספקות אין גלויבן,
זייער דת דערהויבן,
צו זהרה־קדושה און טהרה,
ניט פאַרטעמפּט, אָפּגעפרעמדט,
מיט אויגן פאַרלאָפן.

פון נשמהדיקע טיפן
דאַווענען אוים צו גאָט־ברוך הוא א לויב.
זעען אין פענצטער־שויב
פון זון־שקיעה
סודות הבורא איינגעשליפן;
ווערן ניט מיט זייער ראיה אין ווייטע עולמות פאַרפאַלן.

צו וואָס פליען בתוך די הייכן
עפּעס דערגרייכן?
כ׳בין מקנא די,
וואָס האָבן איבער זיך ניט די טרייבבייטש
אומרו־טבע, מחשבה קאַפּריזן,
זענען היימיש מיטן חומש און רש״י־טייטש,
האָבנדיק מורא פאַרן אל נורא,
וואָס האָט זיך מיט דער תורה אויפן הר־סיני באַוויזן.

# מוז טאָג?

מוז זוניקער אויפטראָג-טאָג,
ציענדיק אין אימה דורך דער ערד,
זיין אין ימה-האָריזאָנט,
איינגע'דמ'ט,
האָבנדיק שווערד צעפלאַמט,
בתוך וואָלקנדיקער מחבל-האַנט?

קאַיאַר-אָנלויפער, אוים די חלל-תהומען,
פון באַשעפער אין קדם-זייט אַרויסגעשיקט,
דאַרף קומען דורכן מערב צוריק, פאַרן כביכולס בליק
דמדומימדיק פאַרפלעקט?

ס'איז די אדמה, כל-הברואים מאַמע,
פון שׂר-משחית פאַרשאָלטן,
מיט נאַכט-חשכות
פאַרן שמש-ליכט אָפּצודעקן איר וווּנד,
וועלטן דערשרעקן
מיט קין-זינד
מששת ימי באַשערט,
פון דונערדיקע כוחות ווערן צעשטערט.

ס'איז וועמען דען צו פרעגן,
צי צווישן די פּלאַנעטן
און סאַטעליטן,
אָרביטנדיקע אין אַ קרייז,
בתוכן אוניווערז,
אויף ערבה-וועגן,

איז פאַראַן נאָך אַן ארורה,
ווי די ערד,
באַגעוועלטיקט מאת רוח־רע
פון בחיר היצירה?

קען מען מיט מים־אחרונים
פון תחתון־קוואַלן
כּף הקלע־פלאַמען לעשן,
בראַנד־פּליאַמעס אָפּוואַשן,
אויסברענען מיט קאָסמאָס־שטראַלן
די יאַטערנדיקע וווּנד?

העלפן תפילות
אין נשמות פול זינד
פאַרשלאָגן מיט אפלות?
טויגן פריד־ווערטער
בתוך הייליקע ערטער,
ווי פלעווע אין ווינט צעפלויגן?
פאַרדאָרבן האַרץ איז ווי אָפּגעשטאָרבן.
דער אַשמדאי זדון
צעוואָלקנט שוואַרץ
איבערן כּדור האָרץ
איז מיט פייער־בליי אָנגעלאַדן —
אים רויט צו פאַרבן.

די שתי־וערב־לייט,
הערן פון פאַלשע טרייסטערס
ניט־געשטויגענע שלום־רייד
אין די קלויסטערס,
קערן אָפּ פון גאָטס־געבאָט.

מוז טאָג אין זון־אויפטראָג,
ציִענדיק מיט אימה איבער דער ערד,
זיין אין ימה־האָריזאָנט
פון שׂרפענדיקער שווערד
בתוך מחבל־האַנט,
מיט מענטשן־בלוט דורכגעברענט?

דאַרף דער „שלום־פּרינץ"
מיטן דערנערקראַנץ
הערן כלי־משחית צעדונערט,
בלייבן אין חשכות־חלום,
מיט גרינער גאַל
אויף אַ מאַרמאָר־פּעדעסטאַל,
איינגעשטיינערט —
אַ חוני־המעגל אין דור הפלגה־וועלט,
פאַר די גלוביקע,
אויף אייביקע יאָר,
אַ שרעקפיגור
אַוועקגעשטעלט.

ביים זון פאַרגיין
פאַלט אויף אים
גלוטיק, בלוטיק
די שקיעה־שײַן.

# דורכגעוועקט פון אַ נבֿואהשן חלום...

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

דורכגעוועקט פון אַ נבֿואהשן חלום,
בין איך פֿאַר טאָג אַרויפֿגעגאַנגען
צום אויבער־שטיבל, מיט באַזונטע שויבן,
פֿריי געלאָזט פֿון טויבנשלאַק,
די ווייסע וואַנדער־פֿייגל —
אין שנאָבל צו ברענגען פֿון מזרח־לענדער
ס׳שלום־צווייגל —
שאַקונדראַ.

מיט אַ וויכערדיקן יאָג,
זענען זיי צעפֿלויגענע אַוועק,
איבער נעפּל בלינדן,
צום האָריזאָנט מיט פֿריגלי אָנגעצונדן.

כ׳האָב געהאַט בטחון,
זיי וועלן דעם שלווה־בוים אָפּזוכן,
פֿלי־כוחות ניט שפּאָרן,
ס׳שליחות דורכפֿירן,
פֿון מיין פֿראָפֿעטישן טרוים.

יאָרן זענען פֿאַרלאָפֿן,
דויערנדיקע טעג געוואַרט,
לאַנגע נעכט ניט געשלאָפֿן,
לעכצנדיק געגאַרט.

איינגע׳אָפּל׳ט, אויפגערעגט,
נשמה צעקרעלט,
פאַרצווייפלט זיך געפרעגט —
געווען זיכער
וואָס געלייענט אין משיח-ביכער,
אויף דעם געשטעלט,
ס׳דאַך-טירל געעפנט צו אַ צעשטורעמטער וועלט?

אַ מאָל אומגעריכט, אַ פאַרנאַכט,
ווען מיט פאַרזשמורעטע אויגן,
כ׳האָב געקוקט טרויעריק באַנג
דורך בליציקע שויבן, צום זונפאַרגאַנג,
זענען שוואַרץ-צעשריגענע ראָבן,
צום שטיבל אָנגעפלויגן,
און איינע אַ וואָראָנע, אַ צעטראָגענע,
האָט אין שנאָבל,
פון טויזנט אין איין נאַכט
אַ צעטל געבראַכט.
איז געווען געשריבן,
וועגן אַ משומד, וואָס דער כפירה-אומעט
האָט אים איבער זיבן ימים פאַרטריבן,
צו אַן אינדזלדיקן הארעם-טורעם,
פון ווייבער, מיט שׂרפענדיקע לייבער,
פאַר אַן אַלטן אָפּגעלעבטן סולטאַן געפאַנגען,
אָפּגעוואָרפן פון זיך די טיכער,
פאַרן יונגן זכר,
יווקלענדיק זיך ווי שלאַנגען
פאַר זיינע פיס —
ביז אַ סרים,

האָט מיט אַ שפּיז אַ שאַרפן
אים דערשטאָכן,
און מיט זיין נאוף־זינד
אים פאַר די הינט געוואָרפן —
שאַקונדראַ.

מיינע ווייסע טויבן
זענען דורך די דאַכשויבן
פון בוידעם־שטיבל,
אויף מיין באַפעל
פייל־אוים־בויגן,
צו אָריענט־שטעט אַוועק געפלויגן,
ברענגען פאַר מיין שוועל,
כאָטש אויף פּאַפּיר,
אַ שלום־שיר
פון אַ מזרח־פּאָעט אויסגעזונגען.

מיט די שטראַל־שטראָמען
פון שקיעה־ליכט
זענען שוואַרצע ראָבן
צום טויבן־שטיבל געקומען
און איינע אַ וואָראָנע,
פון עזאָזל אָנגעטראָגן,
האָט ווי אַ הושענא־ריטל אָפּגעשלאָגן,
אַ טויזנט־און־איין־נאַכט־צעטל
אין שנאָבל מיר געבראַכט,
וואָס עפּעס אַ סופר
האָט געוואָלט האָבן,
די מעשׂה פון כופר פאַרשריבן:
פאַר די זינדיק־זינקענדיקע אין כף־הקלע תהומען
אַ מוסר זיך אָראָפּצונעמען.

כ׳האָב אַרויסגעשיקט ווייסע טויבן
נאָכן שלום-בלעטל,
האָבן מסתם שטורעם-ווינטן פון אַ חלום-בוים אָפּגעפּליקט,
ווי אַ הושענא-ריטל אָפּגעשלאָגן,
צום עזאָזל-תהום פאַרטראָגן.

דאָס בריוול פון וואָראָנע אין שנאָבל
האָט זיך ניגונדיק געלייענט
און אומגליק אַרויסגעוויינט...

ווען אַוועק שפּעט אָנצינדן ליכט,
האָט מיר אויסגעדאַכט,
אַז ווער אין שטאָק-פינצטערניש,
האָט הינטערן פענצטער,
ווי אַ מאָנסטער זיך צעלאַכט —
שאַקונדראַ.

# שאַרמילאָ

פון די פּאַשאַנאַדן

דיינע לאַנג־צעפּאַטלטע האָר,
האָבן דעם פלאַם־בלענץ
פון אַ זון־פאַרגאַנג,
אָפּגעשפּיגלט גילדיקלעך אין ים.
די בלאָע אויגן־פּייערלעך,
ווי אויסגעשליפן אויף בריליאַנט־שטיין,
ברענען דויערלעך מיט אַ תאווה־חן
איינגעטיפט אין אַ סאַפּיר־גלאַנץ.

מ׳דאַרף האָבן פאַרבן־בלענד
און קינסטלער־האַנט,
יכול זיין דעם שמייכל,
פון דיר קאָפּירן,
ס׳זאָל פון לייוונט די וואַרעמקייט זיך אַרויסשפּירן,
די כישוף־מינע,
פעמעניגע לוינע.

בליק־בליץ, רייץ און גלי,
פון גוף סטאַטויִש געבויט,
ציט מאַגנעטיש צו.
היפּנאָז־קראַפט צעבליט, פאַרגאַפט,
האַלט צוגעבונדן
מיט אַ מאַכליאַר־צויט,
צעצונדן אין געמיט,
פון להוט היים בלוט
אין דיר צעזידט.

דיינע פּאַשאָן-פלאַמען פון די סענזשואַלע ליפּן,
נשימה פאַרכאַפּן,
ס'ווערט לשון אָפּגענומען —
רויט-דרום-מויד.

אומרו-ברי פון זעל,
ווערט קאַרנאַל אַרויסגעבערט,
מ'דערשפּירט אין נשמה-דעך
אַ ניטפּרום אָטעמען,
ס'חיות אוים זיך,
פון אויפגערויעט האַרץ צעטליִעט.

דיין שעלמישער לאַך,
זאָגט צו אַ סך,
שאַרמילאָ!
מיט צעהיצטן הויך קענסטו קאַלטע היימען באַהייצן,
ס'זאָל שלאָגן פון די קיימען אַ רויך,
דעם יצר-הרע אין זקנים אָנרייצן,
מיט אַ להבה צעפלייצן,
אויסגעלאָשענע אויגן צעבליצן,
איינגעכמורעטע ראיה
צעשיינען ווי פון שמשדיקער שקיעה.

פאַר מיר ביסטו
בעתן איינגעמרה-שחורהטן פאַרזינק,
אין דעמערדיקן אָפּגאַנג, פון וועלט וויסטע —
אַן אויפגעהייטערט צעלויטערטע מראה,
בתוך איינגעשאָטנטן שטעג.

באַליכטלסט מיינע טעג,
אויסגעדראַשענע,
איינגעלאַשענע.

ווענום דע מילאָ!
פון בלוט, פלייש און אַלבאַסטער־הויט,
רויט הייסע דרום־מויד,
ניט פאַרפרומט,
ווייבעריש צעפלאַמט,
מיט לוסט און גלוסט.
הערלעך געשטאַלט,
שיינדל אין דער וועלט.
יונג אין יאָרן
כ׳וואָלט זיין אַ בעלן
קיין מי ניט שפּאָרן,
מיט ווּנדער־האַנט
און צויבער־פאַרב,
איינגעזוונט בתוך טשערב־שאָלן,
אויף טיף דימענסיעדיקן הינטערגרונט,
אין אַ דורכזיכטיקן וואַל,
ווי אַ ראַפאַעל —
אַן אייביק בילד
פון דיר מאָלן —
שאַרמילאָ!

# לעבנס־אָקעאַן

חיות־אָקעאַן,
איינגעטאָן אין בלענד פון אָפּלויפנדיקן זמן,
מיט ליכט־פּאַליעס און אָפּל־כוואַליעס
בעת מיר, פאַרשווימענע, זעגלען דורך
אין צעפליגלטן פאַרוואָגלטן גורל־שיפל
פון אָנהויבעק צום ענדברעג, —
איז טיפער, ווי די ים־אָפּגרונטן,
ביי די זון־צעפלאַמטע האָריזאָנטן,
איינגעפּורפּורטע,
אין די פאַרנאַכטן,
וואָס דאָס אויג פאָטאָגראַפירט,
דער דמיון אין אַ מחשבה פאַרוויבּרירט,
בתוך העכערע וועלטן זיך אַריינצוטראַכטן —
חנה מיינע!

די צעשטורעמטע שוימען וואָס שפּרודלען אויף
פון ערגעץ טיף,
יאָגן אונטער די לעבנס־שטראָמען,
הייבן און טרייבן צו די קעסלגרובן,
קאַלעמוטע גראָ, אָן אַ דנאָ.

די אייבערשטע השגחה האָט מיט אַ זיווג־ברכה
אונדז געטאָן באַהעפטן,
צו זייגן די ביטערזאַפטן,
פון נשמה־וואָרצלען,

אָנבּרויענדיק עגמת־פּיין,
טועמדיק שווינדלדיק ראיה פאַרשוואַרצלען,
פּאַראומערנדיק דעם שקיעה־שײַן,
ווו די טעג זיך לעשן צינדיק־רויט,
ביים ימה־ברעג,
לאָזן איבער נשמה־פּיבער,
אימה פון טויט.

פלאַם־אָפּגלאַנץ פון סוף עקזיסטענץ,
איינגעבאָדן אין פאַרהימלטן ים,
בתוך בין־השמשות, קויטיקע צייט,
איז אַ בלוטיקער.

קוקן מיר מיט נעפּל־בליקן,
ביידע אינטים אַרומגענומען
ווי ער זיך לעשט,
טוט זינקען, ווערט דערטרונקען,
שרעקט דאָס מער אונדז ניט —
חנה מיינע.

# די ערד אַ גרויל־קנויל

די ערד —
אַ צעוויכערטער גרויל־קנויל,
אַן איינגעגלוטיקטע פֿייערדיק־רויט,
ניט אָנגעזעטיקט מיט טויט,
קרייזלט אַרום, אַקעגן אויפֿפֿלאַם פֿון זון,
מיט געפֿאַלענע אין שלאַכט,
צו קבורה ניט געבראַכט.

אַ וואולקאַנישער בראַנד,
אַ קאָסמישע וווּנד,
מיט דונערדיקן געהילך —
פֿאַרשאָלטענער קײַלעך,
פֿייער־קרבן צום מולך.

בלינדע נאַכט מיט צעצונדענע ליכט
אין תּפֿילה־הויז, קאַטעדראַלע,
גלחים, בישאָפֿן און קאַרדינאַלן
מיט תּנועות, צביעות און משונהדיקע הויות
פֿלאַפּלען שבֿחים אַרויף
צום שלום־יויז,
פֿרינץ מיטן דערנער־קראַנץ,
אויפֿן שתי וערב,
איינגעגולמ'ט און פֿאַרהלומט.
זאָגן־צו דעם ערבֿ־רבֿ
נאָכן שטאַרבן,
הימל־קעניגרײַך צו אַרבן.

די מיט בלוטיקע הענט,
וואָס האָבן אין אייוון אונדזעריקע געברענט,
איז מען פורכטיק־פרום מיטן נוצרי־דם,
אין עמעראַלד־גלאָז־כוס,
סימבאָל פון הייליקן „גראַל"
צערעמאָניאַל מכפּר די זינד.

די ערד —
אַ גרויל צעוויכערטער קנויל,
אין געברען
אַ פאַרבלוטיקטער רויט,
אַ ניט אָנגעזעטיקטע מיט טויט,
קרייזלט אַרום אַקעגן אויפפלאַם פון זון,
אַ ווולקאַנישער בראַנד,
אַ מהומה־ און מלחמה־ווונד —
אַ פייער־פאַרשאָלטענער קיילעך,
אַ קרבן צום מולך,
אין אָרביט אונטער הימלישן אויסשפּרייט; —
ווערט באַגלייט מיט וואָראָקען און קראַקען
פון יאַסטרובן און ראָבן,
שוואַרצע אַשמדאים טויבן —
אָנגעפרעסן זאַט, מיט אַ מתים־מאָלצייט
פון קריגסלייט, ניט באַגראָבן.

## שאַרטאַף דער טעאָזאָף

שאַרטאַף דער טעאָזאָף,
פאַרהימלט אין רעיונות
האָט דאָס ספר חיצונית פאַרמאַכט,
חצות פון חדר אַרויס,
ווי פון רוח־הקודש אַרויסגערופן
אין די סעליעסטיאַלע חידות,
ליכט־סודות, זיך צו פאַרטיפן.

מאת די פאַרשימלטע ביכער פאַרמאַראָטשעט,
טאָטשעט אין אים שוין לאַנג אַ ספק געדאַנק;
אַ מחשבה־זרה, כפירה־זינד,
האָט דעם מאַרך צעברענט. —
ווײַל ער דורך טעורגישע קרעפטן *
זיך מיט די מעשׂה־מרכבה באַהעפטן
דורכן שׂכל תופס זײַן ס׳פּירעכץ פון כביכול.

אַ גלגול איז אין אים אַרײַן אויף זײַן וויסטער מערכה
מעפיסטאָפעל צעוועקט אַ דמיונדיקן צווייפל,
זײַן הלכה באַפרעגט! —
דו, חוסר דעה, ווילד פינצטערע בריאה,
מיט פּחד פאַרן מלאך המות
זיצסטו אין די דלד־אמות פון חדר־מיוחד פאַרשפּאַרט
מאת ספרי חכמות אײַנגעקלערט און פאַרנאַרט.

---

* מאַגישע כוחות

וואָס לערנען זיי דיך ?
פאַרנעפּלען בלויז דעם מוח מיט טשאַד און רויך.
דעם אל נורא אין ספרים פאַרשריבן
האָבן פרומע פילאָזאָפן פון אַ מורא געטריבן,
אין אַן איבערגעשטאַלט אויף וועלט באַשאַפן,
אימה אין נשמה אַרויסצורופן.

מיט אַ ליכט צעפלאַקערט ווי אַ זון,
לויפסטו דורך די ווייטע חושכ׳ן שטחדיק צעשפּרייטע,
ווו געפאַרן הויערן בתוך די הויכע ספערן,
זוכסט אין פאַר׳ימט׳ן אזור, אַ פאַנטאַסטישע קרעאַטור,
אָמניפּאָטענט,
האָבנדיק אין אוניווערז
זיינע פייערן צעברענט.

נאַר גרויער!
פּרווו צי אַראָפּ פון הימל־בוידעם,
דעם שטראַל־פאָדעם,
פאַרוויקל אין אַ קנויל
אַ ביליאָן ליכטיאַר, מעסט־שנור,
פון אומענדלעכן צייטדויער —
מיטן שיין־חוט אַראָפּברענגען,
ווּעסטו ווענס דעם באַגין־עק דערלאַנגען?
אַזוי קענסטו אין שווינדלדיקע הייכן
די זריחה פון דער השגחה דערגרייכן.

האָסט זיך פאַרלייגט אויסצוגעפינען,
אין ווּעמענס אור־חלום
איז געוואָרן דער כל־עולם אויסגעשפּונען.

ווען פון ברעך-שטויבן
דער באַגין איז אָנגעהויבן.

מיינסט, ביסט פון לונאַ אַרויסגערופן,
מיט דער כוונה
אין די נצחדיקע חידות
זיך צו באַהעפטן —
ווען סטו די סעליעסטיאַלע
ליכט-סודות באַגרייפן,
מיטן רעיון אויסשלייפן?

עטלעכע טויזנטער וועלן פאַרגיין,
תקופות פאַרשווינדן,
ס'איז חריפותדיק ניט צו באַנעמען
ווען, אין השכות-ים פאַרשוווּמען,
האָט ערשטער אויפשײַן זיך אָנגעצונדן.

אַזוי רעדט מעפיסטאָפל אין אים —
אַ געדיכטער ערפל
ווי פון שדים אַרויסגעלאַכט
פאַרפינצטערט די נאַכט.
ער דערפילט זיך איינגע'מורא'ט
פאַרמרהשחורהט,
מיט אַ שאלה
אויף די לעפצן איינגעגליווערט.

איינער אַליין אין וועלטאַל,
פון שטן-פויסטן אָנגעהעפּעט,
האַרץ — פון געוויין צעטאָפּעט,
אין זיפצן איינגעכליפּעט.

# ראַהאַף דערציילט

פון די פּאַשאַנאַדן

מיין האַר פּייזאַל, דער מדבר־שׂר
האָט מיט הונדערט מיידן
זיך אויסגעוואַלגערט זיין גן־עדן.
ווען נמאס געוואָרן,
האָט דער מגושם ס׳בית־נשים פאַרלאָזן,
מיט בלאָזן אין האָרן די שקלאַפן גערופן,
און מיך, ראַהאַף, דעם האַרעם־וועכטער
געשיקט מיט אַ טשערעטע שאַף
צו מולאַטריפּאַ, ביי דער מכשפה אָפּצוקויפן
איר טאָכטער די יפהפיה.
ער איז להוט נאָך דער ווילדער ציג,
ס׳האָט איר בליק צעגליט זיין בלוט.

בין איך דורך לאַנגן וועג אין מיין שליחות אַוועק.
דערהערט פון מיר און מוטער דעם שמועס —
איז די מויד פון איר צעלט אַרויס,
מיט אַ חוזקדיק לאַכן
און בליציקן קוק מיך דורכגעשטאָכן,
אויף מיר פּחד אָנגעיאָגט און געזאָגט:
דו מכוער קורצער יעווניוך שוואַרצער!
דער טכויר, ציטערנדיק אין דער שקורע,
טוט ניט אין גראָז־געוויקס הויערן
דעם פוקס מיט גערוך אין לייב־נורע פאַרנאַרן,
צו ווערן פאַרצוקט.
אַז דעם טרעלבוך פּייזאַל האָט זיך פאַרוואָלט אַ יונג
ווייב־לייב
איז ער גישט קראַנק אַליין צו קומען,

צו אונדזער הייזל, אויספּרווון זיין מזל.
אַריינגאָרגלען פון מיינע לאָגלען אַ געטראַנק,
פאַרווירצט מיט בשמים פון געקרייטעכץ און בלומען.
אויב דער שרעקנדיקער האָז וועט פון געמישעכץ
זיך ניט וואַקלען אויף די פיס,
צי איבער די וואָלקנס אין הימל פאַרשוועבן
וועל איך אונטערטעניק זיך אים איבערגעבן.

ביי דער אָאַזיס-האָרבקע
וואַקסט אויף אַ בוים אַ ווילדער מילגרוים.
זיינע זאַפטן זענען — מליאָווע-זיס טערפּקע,
כ׳וועל אָנפולן פון גרויסן מאָס
מיין מאַמעס כישוף-כוס —
אַ געיערעכץ פון גרינע שויטן,
שליימשוים פון שלאַנגען,
און מיטן שפּרודלדיק-רויטן
צו טרינקען אים דערלאַנגען,
די בלוטן אים פאַרצוקערן,
זיין האַרץ פאַרשיכורן,
אין אים ס׳לודער-בייז אויפצוטראָגן,
מיטן שאָטן זיך צו שלאָגן.
מיך מאַכן זען —
צי דער מדבר-טיגער מיט פאַשאָן-ברען,
וואָס ווערט ניט מיד
מיטן דם-רע צעזידט:
בתולות פאַרמאַטערן,
צו אַלדע רוחות אַוועקפּטרן,
וועט קענען מיט זיין פרעכן אויגנשפּיז
מיך פאַרשוועכן,
מאַכן פאַלן פאַר זיינע פיס.

זאָל ער קומען אין אַ לויטער טאָג
מיטן שמוק פון גאָלד, שפּאַנגען, אויערינגען,
איידלשטיין, רובין, עמעראַלד,
פּערל, קאַראַלן און אָפּאַלן.
מיך וועלן מיט לאַסקעס נעמען —
אָדער פּיסקעס אָנפּלעמען,
און אין קייטן באַצווינגען.
מיינע רויזן-בייטן צעטרעטן,
צווישן קאַקטוס-פּלאַנצן נייטן,
אין פאַרשידענע פּויזעס טאַנצן,
פאַר אים, ווילד-פרעמדן,
אויף שאָפּענע פעלן
אין די זאַמדן מיך קווילן,
אַ געלעגער זיך אויסבעטן
זיינע גלוסטענישן אָנצווזעטן.

כ׳וועל נישט אָפּהילן פאַר דעם שחור
מיין לייבפּלאַם פון די טיכער
זיינע בלוטן צו שטילן,
נאָר אויסגעשפּיגן,
פייערפיילן מיט סם
פון בויגן שטייף אָנגעצויגן,
אויך פלאַמיקן האַס פון די אויגן —
אין אים צילן.

## אַנשטאָט מיט פּען פּאַרטינטלען

אַנשטאָט זיין פון ליידן,
מיט פּען אויף פּאַפּיר אָנטינטלען,
כ'זאָל קענען אבדון-זדון
אין בוזים איינגע'שחור'ט
צעוויכערט אַרויסווינטלען —
ר'וואָלט אין רוחות-זאַוויערוכעס
זיך געפורעמט,
ימען צעשטורעמט,
אימהק שוימיק כוואַליעס צעבורעט,
הימל אָנגעכמורעט.

נאָך פּטירה וועט זיין מיין ווילן,
מיט יסורים, ווי פון ווערעם אָנגעשוואָלן
פּאַרפּלאָגט אויפגעיאָגט פאַרן כסא הכבוד זיך שטעלן,
קדוש נישט שפּרינגען, וואָרן פון צאָרן,
נשמה-פּיינען ווונדיקן.
מיט אַרויספּליסיקן סם,
אַ גאַוּוער פון פּאַרדרוסן,
זשאַווער אין נפש איינגעפרעסן —
וועל איך צום פמליה של מעלה
מיט אַ שאלה זיך ווענדן:
קען געמאָלט זיין מיט אַ פּאַרמאַטערט חיות
אין עולם-תחתיות ניט זינדיקן?

קאַיאָר, ביים זון־אויפגאַנג, און אין אָוונט־פאַרזינק,
האָב איך אַ שבח ניט אַרויסגעדאַוונט.
כ׳קום פון ערד איינגענבלהט און פאַרקללהט.
די ענויים קשים אין זעל פאַרשלאָסן,
האָבן ווי נחשים זיך אין איר איינגעביסן.
די שחת־פייערן זענען ניט געוונג צעגליט.
מיין אַטראָפירט געמיט, אין די בלוטן איינגעזאָטן,
מער גיהנומדיקער פאַרבראָטן.
פון באַטרוג פינצטערדיק דערשלאָגן,
איז פאַר מיר ניט שווער,
ערגסטע שׂרף־שטראָף דורכצוטראָגן.

ביים ווענן מיינע זינד אָנגעקליבענע,
וועל איך ניט שווייגן,
פרעגן צי כ׳מעג צולייגן אויף הייליקער וואָגשאָל,
ניט מיט טינט ס׳אָנגעשריבענע — אַ ריב חשכות־כתב
פון גאַל,

קענן קטרוג צעשריגן,
ס׳צייג־צינגל משונהדיק צעוויגן,
צו ווייזן ווי אָפּלדיק שוואַרץ
ס׳איז אָנגעזאָליעט אויפן האַרץ.

# אויב געווען באַשערט

אויב ס'איז געווען מיר פון הימל באַשערט,
זיין געבוירן און הויערן
אין בלוטיקן געטומל אויף דער ערד —
פאַר וואָס האָט ניט אַרמילוס' ווייב, לילית,
אין נאַכט-אפלה, פאַר ברית-מילה,
מיך פאַר איר טויט-שראָץ פאַרביטן,
אויף אַ וויסטן בוידעם צווישן שדים געבראַכט:
אין אַ שווונג-בעטל צו לייגן,
מיין יללה פאַרוויגן,
מיטן סם פון אירע בלוטן,
פון די בריסטן אָנזייגן?

אונטער דער סטריכע
פון מפולת-שטיבל, פול חשכה,
מיך האָבן צו אַ מחבל אויסגעפלעקעט.
נאָך אָפּגעלאָפּענע יאָרן זאָל מיך ניט אַרן,
ווילדע געוואַלדעס פון קינדער, אויף שייטערס שרפן,
זעל ניט פאַרקוועלן צו דאַרפן פויסטן ביילן,
אויפן שקר אין קריגס-פלאַקער צעצונדן.
ניט ערגערן,
וואָס פון פאַרפעסטעטע שטיבער,
לויפן מכשפות אין דרויסן,
פאַרפאַרען מגיפות אין געפעסן,
שוימענדיק אַריבער אַ רויט-זידנדיקן טויט.

וואָלט מיך פֿאַרדראָסן,
ווען פֿון ערגעץ זאַנאַדיעטע,
פּלי־משהיתים רווישיקע צעשריגן,
זאָלן האָבן גיפּטלופּטע אַראָפּגעשפּיגן?
כ׳וואָלט אַליין סם־פּלאָם צוגעגאָסן.
מיט שׂנאהדיקן האָס אָנגעפּולט אַ כוס
פֿאַרדאָרבן, אין אַ רשעות־רע פֿאַרזונקען,
ביז צום דנאָ יין־שׂרף געטרונקען —
ניט ווי איצט קינות זאָגן,
אויפֿן וויסטן חורבן קלאָגן.

אויב ס׳איז מיר געווען באַשערט קומען אויף דער ערד,
פֿאַר וואָס האָט מיך לילית, ביי מיין מאַמען אין קינפּעט,
בעת חושכדיקער וואַכנאַכט, פֿאַר איר טויט־שראָץ
ניט פֿאַרביטן,
אויפֿן געלעגער פֿון איר פּגר־קינד ניט געלייגט,
מיט די בלוטן פֿון אירע בריסטן איינגעמיאוסט,
צו אַ שד־ליץ אויסגעזייגט?

# דאַכלאָז

כ'האָב אַ סך מאָל, דאַכלאָז אין לעבן,
שפּאַנענדיק באַזונדער,
מיינע וואַנדערוועגן געביטן,
בתוך פאַרנעפּלטע סטעזשקעס געגאַנגען,
אויף וואָלקנס געריטן,
געפּרוּווט צייט איבעריאָגן,
אירע תהום־גריבער אַריבערשפּרינגען.

איצט, אויף איינגעטונקלטער מסלה,
אין אַ ווייטן מהלך, אָן ווענענס באַגלייטן
טו איך פון שקיעה־שטראַלן
אַ שביל־טעפּעך אויסוועבן,
חלילה אין אַ טיף־זינקעניש, ניט אַריינפאַלן.

כ'בעט תפילהדיק ביי דער השגחה,
די דרך־זריחה
פאַר מיינע טריט אויסשפּרייטן,
טונקלעניש צעבלענצן,
ווי פאַרנאַכטיקע שאָטנס רוען,
איידער שפּעטפינצטערע שעהען
אויף אייביק אימהדיק זיך פאַרפלאַנצן.

אַרום מיינע לאַנג־פאַרשוווּנדענע ערד־דרכים,
האָבן בלומען ניט געבליט.
די באָרוועס־פּיס האָט קראָפּעווע געבריט.
אין וואַלד האָבן פייגל ניט געזונגען.

ווינט האָט אַ שוועמל־שימל־גערוך,
צום חוש הריח געטאָן ברענגען. כ׳האָב ביטערניש
געשלונגען.

אַ מרה־שחורה אָנגעטשעפּעט,
האָט ווילד פֿאַרשייט, אָן מיין וויסן,
אונטער מיר זמן נאָך זמן געריסן.
שטיי איך ביים ברעג סוף פֿאַרכליפּעט.
באַלד פֿון נצח־שלאָף באַצוווּנגען.
ניט דויערנדיקער טאָג־פֿאַרפֿלוג,
ווערט אין מערבֿ־פֿייערן פֿאַרשלונגען.

אַמאָליקע צייטן,
פֿלעג איך די אייבערשטע סטעזשקעס
אומהיימלעכע,
ניט קפֿיצת־הדרכדיקע בייטן,
איצט, אין אַראָפּיאָג,
איז ניטאָ קיין אויסוועג.
נאָכן אַרומשוועבן אין די הימלישע הייכן,
מוז איך זיך שלייכן אויף אָפּלדיקער מסלה —
חלילה ניט אין גריבער אַריינצופֿאַלן.

וואָלט איך וועלן פֿון שקיעה־שטראַלן
אַ זוניקן שליאַך זיך וועבן.
אין מיין חושכדיקער מערכה, בעת איך ביי דער השגחה,
אויף פֿאַרוים מיינע טריט באַלייכטן,
ווו פֿאַר מיין ראיה בלינדע, שאָטנס רוען,
איידער די נאַכט־שעהען פּחדדיקער ווערן,
אָן לבֿנה־ליכט און אָן שטערן.

# טאָג־אויפטראָג

טאָג־אויפטראָג,
אוים כאָאָס נעבולאָס אַרויסגעגרויט,
דאַרף זיין אוניווערסאַלער נעגאַטיוו,
צו פאַרפאָטאָן טויט,
בעת פייער און שווערד,
הריסהט ס׳חיות אויף דער ערד?
פאַר וועלכע עוונות,
איינשאַטירן די קרבנות?
בתוך ימה אָפּגעגאַנגען,
צו סעלעסטיאַל־פּמליה שממה אַרויסברענגען,
פון געגזלטן לעבן חשבון אָפּגעבן?

מוז מעת־לעת,
אין אַזוי־פיל שעהען,
ניט מינערנדיק רגע, מינוט,
חשכות־האָרץ דורכפליִען?
איינפילמען אין פאַררויכעניש פון אָנגעסאַזשעטן בלוט
פאַר הימלישער השגחה,
די מהומה־רציחה אויף דער אדמה,
געטריבן ס׳געשטאַלטיקס,
בילדלעך אויבן האָבן פאַרשריבן,
בעת שׂרף און טרף־חורבן,
פון בחיר־היצירה און חיה בראיה,
ס׳צעדמטע אָפּשטאַרבן,
איינגעתמונהט אין צייט־כוואַליעס,

שווינדלענדיק צום עבר,
מיט אַ פּה נקבר,
אור החיים, רוח־נשמה־קיום?

מוז טאָג־דורכיאָג,
פון כאַאָס נעבולאָס אַרויסגעגרויט,
זיין, ס'אָפּגעשפּאַרט מזבח־אָרט, מקריבן בלוט פאַרן שד,
בתוך גלות איינזיגלען טויט,
אָפּשפּיגלען פון פייער און שווערד,
איינגעוויסטלטע ערד?
דאַרף די אדמה שממה,
אין אָרביט געיאָגטע,
שטורמיש געפּלאָגטע,
אירע ווונדן צו הימלישע אורות אַנטפּלעקן,
אין די אייבערשטע ספירות,
רחמנות צו זיך וועקן?

## ווײַל איז דעם איש תמים

ווײַל איז דעם איש תמים
וואָס האָט דעם בטחון נישט פֿאַרלוירן,
גלויבט באמונה שלמה,
אַז נאָך אחרית־הימים
איבערלאָזנדיק אין נצח־שלאָף דעם גוף
איז פֿאַר זײַן נשמה
גן־עדן אָנגעגרייט.

בתוך מהלך ווייט,
איבער די אָפּל־ספערן,
וועט אים אַ מלאך פֿירן.

זײַן פֿאָרוים — אַ לויכטזײַל
אויף די פֿאַרנעפּלטע דיסטאַנץ־מייל
צו די שמים־טויערן.

ער ווייסט, דער עולם השפל
איז נאָר אַ פּרוזדור —
אַ שמאָלער קאָרידאָרישער איבערגאַנג,
צו יענער מועד־זײַט,
ווו דער שם הוי"ה נהור
איז איבערן כסא־הכבוד צעשפּרייט.

ווייל איז דעם פרומען גאון,
וואָס האָט זיך רוחניותדיק דערטראַכט
אַז זיינע שירות ותשבחות זענען אָנגענומען
און בליסקען אין דער מלכות-קרוין
פון אל-עלמא דשמיא.

ס'קדושהדיק פלעמל
וועט אים איינדרימלען
אין אַ חלומדיקער וויזיע —
צעפלאַטערטע פאַנטאַזיע,
הוד סוד הגאולה,
אַנטפלעקט צו יחידי סגולה.

ווייל דעם, וואָס ווערט בהשׂגה דערהויבן
צו אַזאַ מדרגה.
איבערלאָזנדיק ביים סוף פון לעבן
אין ערד'שלאָף דעם גוף —
שווינדלט אַריין בנשימה הנשמה,
אין כביכול-שיַין,
השגחה-זריחה
און איז נהנה
מזיו השכינה.

## פון וויסטע חלומות אויפגעטריבן

צעפלאַמטע שויבן
האָבן פון פוסטע חלומות וויסטע
ר׳ מאָטל דעם מקובל אויפגעטריבן.
ר׳האָט פון געלעגער זיך אויפגעהויבן,
נעגל-וואַסער אָפּגעגאָסן,
אין קיטל אַרויס,
אין דרויסן
זון-אויפגיין מקדש זיין
מיטן נשמת-כל חי
צום אלוהי עולמים,
פאַר די ימים אויסגעשײַנטע,
אַוועק מיטן ווינט,
לאָזנדיק אין מוח-לאַבירינט
זריחהדיקע רעפלעקסן,
באַלייכטנדיקע זיין שרעק-שטעג,
מיט ווילדגעוויקסן.

נשמה גיט באַפלעקט,
איז דער בעל דורש,
מיט דער ראיה צום אור קדושה,
פון די חדושי השמים אַנטציקט,
מתפללדיק פרום, אַרויסשעפּטשענדיק דעם המפורש — שם...
דערזעענדיק אין אפק אַן ענן׳דיק משיח-געשטאַלט,
מיט בראַנד-ווונדן,
אין חבלי-יסורים געבונדן.

אים האָט אויסגעדאַכט:
איצט איז עת־רצון,
אין פּריִענדיקן זדראַכען
דעם שׂר הלצון מיט דער פּאַטשיילע אַוועקצופּאַכען —
אַרמילום־שד
שומר איבערן מיט מחלה טוכלע אוהל
פון געזאַלבטן טרוימער, ישראל גואל.
באשר, איצט בשעת־הכושר, האָט ער געטראַכט,
זיין ראוי צו הערן די גרויסע תקיעה,
צעשאַלט איבער עקן וועלט,
די מתים אויפצוּוועקן.

שׂטן האָט ניט געשוויגן,
זיך געטאָן אַנטפּלעקן,
אין אַ הידרע־שלאַנג.
מיט צעשפּאַלטענער צונג,
היסנדיק צעפּראַכט,
פֿאַרשאָלטענעם קאָפּ
אַהין און צוריק וויגנדיק,
אַ סם געשפּיגן,
אַקעגן פלאַמענדיקן ליכט.

ר׳האָט דערהערט פון איינגעשאָטנטן וואלד,
אַ חיה צעברילט
דורכגעלאָפן ס׳ווילדגראָז־געוויקס,
און איבערן פלאַכן טייך מיט צעשוימטן בריסק,
יאָגן אַ פוקס —
אַ בלוטיקער האָז אין פּיסק.

זיין ראיה האָט באַמערקט פון ווייט אַ נאָנע
אין אַ שוואַרצן הילעם מיט אַ צלם,
די הענט צעשפרייט;
קניִענדיק פאַרן וואַלקנדיקן צעבלענד
פון דער סטרא־אחרא אויסגעפורעמט,
די מאַדאָנע מיטן קינד
אַרום בריסט איינגעאָרעמט.

אַ כמאַרע אָנגעצויגן,
האָט פאַרשוווּמען דאָס ליכט.

דער קטרוג האָט געזיגט
פאַרחושכט די זון.

ס'איז שעת הסרחון —
האָט ר' מאָטל געטראַכט.
אין אַן עגמתדיקן צער פאַרצוגט,
פון צעבראָכן האַרץ
בעת אַ שוואַרץ שווינדלעניש פאַר די אויגן,
אַ וואַקלענדיקער, געבראָכן —
איז ער אַוועק מער מסגף זיין דעם גוף,
זיך טובל זיין,
תפילה און תשובה טאָן
צו פאַרטרייבן די פלוצלינגע זינד,
נאָר וואָס אין נשמה איינגעברענט.
מיט ציטערנדיקער דבקות
פון זיך דאָס ספקות אַרויספלאָגן
אין התלהבותדיקן תהלים־זאָגן.

## אַ דיבוק רעדט

אַ דיבוק אין מיר רעדט:
ס׳מישן זיך איבער אין מיין רעיון-רייסטער
די שווידער-בלעטער מיטן שטורעם-געוויטער,
פון אַ פײַער-שד
איינגעצייכנטע טעג.
אויס גריבער, פון חרוב שטיבער,
שלייכן זיך אַרויס מתים, אין דם-פאַרפלעקטע טליתים,
ספרים-שיימעס אונטער די אָרעמס.

גייסטער פון תחתיות אויפגעוועקטע
אַרויסגעקראָכן,
האַלטן אין די פינגער-קנאָכן
יריעות צעפליקטע,
ביי לבנהס אויפשיינען
די תוכחה צו לייענען.

אויס שחור-לעכער פון קלויז
מיט איינגעדושעטע מקובלים,
שוויבלען-אויף צעפאַקלטע מחבלים,
ס׳ברענען און סאַזשען
תורות צעוויקלטע
די טויטע צעדראָזשען,
זמנים איינצו׳אָבל׳ן.

אויסן שחת שטייגן אַרויס רוחות —
ווינטגעוויכער אין תכריך-טיכער,
נעפל-פחד צעפאָכעט.

ס׳מאָלט מעפּיסטאָ־האַנט
אויף דמיון־וואַנט:
שאַרקויל־בילדער, קברות־פעלדער,
גרויל־תהומות.

פון ביטערבלעטער,
אויף פאַר׳נחש׳טע צווייגן,
נשמות אומגעקומענע אין פלאַם־מהומות,
זייגן אַרוים אַ ברענענדיקן סם.

אָדם־שדים אין פאַרקרימטע מאַסקעס,
מיט אָנגעלאָדענע ביקסן,
רייטן אויף סקעלעטן,
איבער קברים פון פאַרמוטשעטע
אויפגעהיטשעטע געוויקסן צעטרעטן;
פון די פינצטערע מאָנסטער־פּיסקעס
שפּאַרט אַ רויך צו דער הייך.

ס׳מאָלט טייוול־האַנט אויף אָבל־וואַנט,
מיט רויטן קרייד, בראַנדיקע לייד,
יסורים ווונדיקע.

וואָלקן ציִען, קראָען פּליִען.
מכשפות מיט עופות פאַרצוקטע,
ניט אָפּגעפּליקטע,
אין קאָכענדיקע טעפּ אויף מזבח־טרעפּ
מקריבן עולות,
דאַמפן און שימפן מיט שׂרפהדיקע קללות
אַ בראָט־געבעט צום מולך־גאָט.

קעפּ אויף פּיקעס אויפגעשטאָכן,
אַרויסגעזעצטע אויגן פאַרגלאָצטע,
אָן עגמתדיקע פּיין צווישן די ציין
פאַרקריצטע,
פלאַקערן ווי שטורקאַצן —
מיט האַרבן טשאַד צו פאַרשיכורן
די מוח-ראַצן,
וואָס גריזשען דעם שאַרבן.

פון די געהירן
רעיונות, ווי פייער-געשווירן,
פלעמלען, פּאָספּאָרדיק אין בייזן שלאָף,
צאַנקען ווידער אויף מיט שרעק אין חושכדיקן בליק.
דאַרף איך זיין דער, מיט נשמה צעקראָכן,
טרעטן און פאַרקנעטן ס'זומפּיקע בית-עולם-גראָז,
אַרומוואָגלען מיט צער;
האָבן אָקעגנגעשטעלט ס'שאָטן-שוואַרצע אָפּשלאָג-גלאָז,
פאַר דער וועלט מיט איר ראיה פאַרשטאָכן,
צוריקצושפּיגלען פון טונקל-זייט,
די דורכגעלאָפּענע שממה-צייט;
אין פלום פון די אָדערן,
אַ קעלט אָנשוידערן...

ס'מישן זיך איבער אין מחשבה-רייסטער
די שוידער-בלעטער מיטן שטורעם-געוויטער,
פאַראימהט מיט שרעק,
פון אַ פייער-שד איינגעצייכנטע טעג.

ס׳שלייכן זיך אַרוים פֿון חרוב־שטיבער,
מתים אין בלוטיקע טליתים.
גייסטער מיט פֿינצטערע אויגן־גריבער
פֿון תחתיות אַרויסגעקראָכן,
האַלטן אין די פֿינגער־קנאָכן,
דם־באַפֿלעקטע יריעות צעפֿליקטע,
פֿאַר לבנהס אויפֿשיינען,
די תוכחה צו לייענען.

ס׳טויכן אויף פֿון שאול
לילית־קליפּות.
אין די מאַלפּישע לאַפּעס —
ברענענדיק ספֿרי־תורות
רויכערן, סאַזשען אָן,
חושכדיקע מוראס.

האַר, פֿאַר וואָס איז מיר באַשערט
צו טרעטן באָרוועס,
מיט צעבלוטיקטע פֿיס,
אויף צעקרישלט גלאָז?

אימות איינגעקויטיקטע
אין מוח־מחשך
שפּינען חלומות.

מיט שגעון-בליצן אין די אויגן,
אַ געזונקענער, איינגעבויגן,
דאַרף איך אויף אַ שבעה-בענקעלע זיצן,
איינגעהילט אין שוואַרצן
אַ וועלטוועכטער
מיט פינצטערניש אין האַרצן
פאַר אַן אָנגעצונדענעם לאַמטערן
איכהם מיינע לייענען,
זיי, ווי אַ קלאָג-מוטער
אַ זונה-טאָכטער,
מיט טרערן באַוויינען.

## פאַר וואָס ?

פאַר וואָס איז אַזאַ מיסטישער באַגער־ווינטש,
ביי מיר מיקראָ־מענטש
ביי נאַכט, אין דער שטיל,
אין דרויסן אַליין, אָן גשמיותדיקן שטער,
דעם קאָסמישן ליכט־שפּיל פון די מעשה מרכבה,
רוחני־באַגריפן, במחשבה,
דמיונדיק איבערשאַפן,
מיט שטראַלצויטן פון זעל־טרוימען, וועלט אַרומזוימען ?

ווער זאָגט : נאָר מיט אויסגעטראַכטע שמות,
עתיק־יומנדיק אָנגעשריבן,
פון אָבות־עוונות און תאוות־באַפרייט,
קען מען איבער די תחתון־תהומות,
אין הימלישן אויסשפּרייט,
פרום אין אלוהים־פּלאַם,
צו אַלער הויכקייט רוח־נפש דערהייבן,
מיט צעפלויגענעם שכל,
זיך פאַרפאַנצערן אין כביכול,
זיין צעפאַקלט אַן איש־תמים
בתוך אור־החיים כל־הימים ?

כ'ווייס.
כ'בין ניט מער, ווי אַן אנוש־איש
בלוט, פלייש, נשמה־בלאָז,
פּאַרן אויפלייז.
טו פילן, זען און גאַפן,
מיינע טעג אַקעגן אָנטרעפן,
ווונדער אַרויסרופן,
פורכטיק זיך קליינען,
פאַרן בורא כל עולמים,
אָנצינדער פון זונען,
מיט אומרו אָנגעשלאָגן
אייביק אַרומצוויאָגן,
בליציק דונערן
און אויסשיינען.

כ'ווייס: כ'בין אַ גרייז־אות אין אוניווערז־אלף־בית,
מיט נאָמען באַטיטלט,
אין קאָסמאָס־פּנקס איינגעבלעטלט,
וואָס צייט־ווינטל וועט איבערמישן,
ווען ס'השקפה־ליכט וועט זיך לעשן.
אפשר וועלן חכמים זיך גריבלען
און פאַרסקריבלען
אין דברי הימים,
וואָס כ'האָב אין מיין שקיעה־אָוונט
אויסגעדאַוונט און פאַרצייכנט?

## פון אַ מגילה

פון אַ מגילה מיט אַלטער שריפט,
אין שטיין־טאָוול איינגעקריצט,
איז מלה במלה אַרויסצולייענען:
חקירה־לייט אין רעיונות פאַרטיפט
האָבן זיך דערטראַכט:
דאָס סעלאַסטיאַליש ליכט,
הימליש באַזעצט,
אין לאַנג־צייטן פאַרלאָפן,
איז לויט תורה פון בורא באַשאַפן,
ערד צו באַשיינען.

דער קיום, חיות פון די ברואים,
מעשׂי־נפלאות,
איז לויט זיינס אַ זאָג,
אַריין אין אור־קרעאַטור,
פון די בראשית טעג
פאַר אנשי בשׂר־ודם,
בצלם אלוהים,
צו געוועלטיקן און שאַלטיקן.

די איצטיקע פילאָסאָפן,
אין זייערע רעיונות גאונותדיק צעפלויגן,
זענען עלול צו מעסטן דעם כל עולם־חלל,
מיט שטראַלנדיקן שנור פון ביליאָנען ליכטיאָר
וואָס טוען אַראָפּבלענצן פון ווייטסטן שטערן,
צום שפּאַקטיוו פאַר די אויגן.

און קענען ניט מיט חשבון דעם מרחק דערגאַנצן,
אין זיין אַלץ-בליץ ווייטערדיק ווערן.
שטערן-באַוואַכער, אַסטראָ-זוכער,
אין דמיונדיק אויסגעשאַרפטן זינען,
ווילן געפינען אין אור-זריחה
די נשמה געהיימע,
פון דער השגחה.

מאַכט פון שווינדלדיקן ליכט
טוט דורכדרינגען און באַצווינגען,
שחקים מיט געוואַלט געפּורעמט,
מרחקים ווילד צעשטורעמט,
קאָנטראָלירט צייט-פּינקטלעכקייט,
דעם אָן אַ סוף סדר-עולם-לויף.
פּירט יעדן פייער-גוף סימעטריש
אין ריטמישן באַוועג
אויף זיין אָרביט-שטעג.

די אָדם פילאָזאָפן
ווילן תופס זיין דעם זיו-שײַן.
פאַרציפערן.
פינקלפונק אין אייביקן געשווונג
איבערן כאַאָס, צו פאַרגרעסערן, טיפערן,
די דימענסיעס פון אוניווערז;
מיטן כוכבפלאַם דעם בלאָעם חלל-ים,
ווייטער צעשווימען —
ווערן אוים.

## חנה מיינע

באַשערט צו זיין מיסטיש איינגעהילט
אונדזער הויערדיק געדויערן
אין צייטשלייערן אויף ערד,
בתוך הימלען אויסשפּרייט,
פון ווו זוניקע שטראַלן אַראָפּפאַלן,
אויסצובריִען לעבן אין בריאה מין —
גרינפעלדיקס און בלימלדיקס צעבליִען.

מחשבות צעמוחט,
נשימות אַרויסגעהויכט,
שווינדל־יאָרן זיך פאַרלירן.
געפילן,
פאַרקילן אין הבל־נולן.

ס'פּולסירנדיק בלוט,
מינערט חיות־גלוט,
טוט סוף דערנענטערן —
צווישן עקדיש און שלאַנגען
אין לאַנגן שלאָף איינצווינטערן.

מ'קען ניט טאָן די טירן
פון תפיסה אַ צעפּראַל,
אַנטלויפן,
בתוך יום־המיתה ניט צו פאַרפרירן.
דער גורל איז מיט פראָסט פאַרזיגלט,
אין מראה־לוסטער זענען פאַרשפּיגלט,
אַלערליי צעבונדענע און פאַרשוווּנדענע מעת־לעתן,
מיט אַ זשאַווער איינגעפרעסן.

דופקדיקער טיק-טיק-שלאָג
ווינציקטע סעקונדן, רגע-ווונדן,
געקווײלטע, פון הארץ געציילטע,
אָפּגעצאָלטער חוב צום אוועק פון טאָג.

מ׳פילט אַן אימה אין נשמה שווער,
שטייענדיק ביים זוים פון פינצטערן תהום.
בתוך בליק נעפּלדיק אויסגעלאָשן.
אַ טרער, אומעט אָפּצוואַשן.

מיסטיש איינגעהילט, אין צייט-שלייערן,
הויערנדיק געדויערן,
וויקלען איין ווי אַן אומזע-שנור ארום לייב,
אַלץ בולטער די עלטער,
איבערבלייב פון אויסגעגאַנגענע יאָר.
אויף נשמה ווערט שווער, שטייענדיק אויף קרקע-ערד,
אַקעגן שקיעהס מערב-פלאַמען,
אין אַ וואָלקן-עוף צעפליגלט —
חנה מיינע.

די פאַרשידענע אָפּגעהיטע זאָמען,
פאַרזייט בשותפותדיק אין גאָרטנבייט:
זענען במקום בלומען,
סם-שוואָמען צעגליטע אויפגעקומען.
שטעכענדיקער דאָרן,
גערשטן-זאַנג,
און קאָרן, אויף גרין-שטאַנג,
ווערעמדיק געוואָרן.

לאָז דיך ניט אָרן,
ס׳אָפּנאַרן,

פון צעבלישטשעטער שקיעה-מראה.
אונדזער פלוצעם צעשײַנטער מזל,
ווי אויף אַ קאָראַלן אינדזל,
געמאָלן מיט שטראַלן-פּינדזל,
אַ ליכטיקע להבה, זוניק געפאַרבט,
אין ים אַרײַן שטאַרבט.

ווינטן וועלן אויסשפּילן
דעמאָנישע געפילן,
נאָקטורנעס אומהאַרמאָנישע,
מאת שׂטן פאַרטראַכט,
בעת מיר, מיט טויט-צויט געבונדן,
וועלן זיך אַרײַנבלינדן
בתוך חשכות פון נאַכט.
קײנער אין אַ יאָרצײַט וועט קומען,
פון די געדענקשטײנער, — די נעמען אַראָפּלײענען,
בלומען לײגן, און ביטערדיק שווײַגן.

בית-עולם-קעץ
ביים לבנה-ליכט
וועלן עלנט אַרויסוויינען,
אָנשרעקן פײער-פליגן,
צעוועקן גראָזן-זשוקעס,
פלעדערמייז צעפליִען.
אַ גריל פון אַ מצבה-שפּאַלט
וועט ניט קאַרגן ביז פרימאָרגן,
איבערצוטשירפּן אַ קלעגלעכן מת-סוד,
סיקרעטיוו טיף, ביזן טויט-סוף.
אין אַ מוח-פאַלד פאַרבאָרגן.

# ס'פאַלש פייערווערק

ס'פאַלש פייערווערק
צעפינקלט אין הימל-מאַרק ביינאַכט
פלאַנעטן, סאַטעליטן,
אויסגעגליטע לבנות טויטע,
געגאַרן פון ווייט אַוועק, מיטן ליכט-אויסקוק,
ווי מאַרס, ווענוס און אוראַניום-פּוסטינעס,
שיינענדיק אַראָפּ מיט אַ נעגאַטיוו-בלענד,
פּאָזאַטיוו לאַנג שוין אויסגעברענט.

שווימען אַרום פאַרגליווערט, איינגעעברט,
פלאַמיק אַרויסגערויכערט אַ מאָל,
פון אַ קאָסמאָס צעוויכערט קראַטערמויל,
מיט נצחדיקן געיאָג,
אין בלאָעם אויסשפרייט פון כל-עולם רעאַלם.

וויפל מיליאָנען בתוך שטח ווייטן וויסטעקייטן
איז אין חלל צו געפינען,
גלימערדיק רויט,
פאַרכישופט פון זונען,
אַרומטראָגנדיקע זיך אין די ספערן
מיט איינגעשאַפט פון גראַוויטאַציע-קראַפט?

וויפל הרוב-וועלטן,
איינגעפרוירענע אין גלימצער-קעלטן,
מיט אַסטראַל-בליאַסק,
פון אַ פרעמדן כוכב-שײַן געגאַרט.

כמה ברוכשטיקער זענען עוקר,
ווערן איינגעהבל׳ט אין אַן אויסער תבל-נעפּל,
אַ הרס-קברות פון געשען
אין ווייט פאַרגאַנגענער צייט?

ס׳שוויבלען מסתם אום אַ סך,
אין קאָסמישן כרך
מיט שקר-שייַנען
גרויס און קליין פּוסטיניעס,
וואָס וואָגלען ווי מאַרס, אוראַניוס און ווענוס,
מיט נאָכשוועבנדיקע לבנות.

מ׳ווערט פון זיי גענאַרט.
די הימל-לאָמפּן
שפּיגלען אָפּ אַ פאַלש ליכט ביי נאַכט
אין טייכן, וואַסערזומפּן,
ווי זייערע שאָטנס ווערן,
ווי בליסקענדיקע שטערן,
אין אַן אָפּבאָדונג פאַרפאַלן.

## דאָס שוואַנען־ליד

געטריבן פון אַ שגעון,
קען מען מיך אָפּט טרעפן,
צווישן בלומען צעבליט,
ביים ברעג פון לאַגון,
אַ זון־צעצונדענער רויט.
געקומען דאָרט הערן דאָס שוואַנען־ליד
אין פאַרנאַכטיקן פאַרבלענץ,
פון וואַסער־געגנדז
אויסגעזונגען פאַרן טויט.

מ׳זאָגט, ווער ס׳איז זוכה,
ביים דעמערדיקן אויספלאַמען דעם שיר פאַרנעמען —
אין אים ציטערט אויף נשמה, ווי פון אַ געטלעכן רוף,
בעת שקיעת החמה.
אַ שטראַל אַהין דערגרייכט,
צעבריט האַרץ,
די אויגן ווערן פייכט,
אַ ניט אויסגערעדט געבעט
טאַטשעט ערגעץ טיף.

יאָר נאָך יאָר,
אַז כ׳גיי אַרוים צום טייך־אויסגוס,
וואַרט לאַנג
אויף דעם אומהיימלעכן גסיסה־געזאַנג.

אין אַזערע שימערנדיק צעבלענדט,
זעט מען אַרומשווימען דאָס ווייס-קיניגלעכע פּאָר,
ניט ווייסנדיק ווען ס׳וועט קומען דער ענד.

דעם זעער צעהימלט, פון שכינה באַשטראַלט,
אַ נבואה באַפאַלט.
ניט דברי חול ווערט געפּלעמלט פון מויל.
אַזוי אין דעם מין עוף,
דער שיר פאַרן סוף
ביים זונפאַרגיין זאָגט עפּעס אָן,
ברויזט אויף ביים הערער דעם גוף,
ס׳ווערן צעזאָטן די בלוטן
מיט אַ מורא,
תפילהנדיק צום בורא.

געטריבן פון אַ שגעון,
קען מען מיך צווישן וואַלדבלומען
אויף אַ פּעלדז זיצנדיק טרעפן,
ביים ברעג פון לאַגון;
אַ זון-צעשפּיגלטער מיט גינגאָלד,
געקומען דאָרט הערן דאָס שוואַנען-ליד,
ביים דעמערדיקן פאַרגאַנג.

אין אָזיערע פאַר נאַכט,
איינגעגרויזעט אין וואַלד-בלומען,
זעט מען ס׳גליקלעכע פּאָר אַרומשווימען,
באָדן זיך אין ליכט.

# ס'האָט פון מיר אַרויסגעלאַכט דער גאַלגאַן־שד

ס'האָט פון מיר אַרויסגעלאַכט
מיט אָפּשפּעטרייד דער גאַלגאַן־שד:
אויף דיין שמאָלן שקיעה־שטעג
זענען די אָפּלויף־טעג
פון זוניק ליכט אין בלוט איינגעריכט.

מלחמה־שלאַנג איז אין נשמה איינגעביסן.
מעגסט קריעה רייסן נאָך פאַרשווונדענע יאָרן,
בלאָזן אין שופר־האָרן,
האָבן חרטה, ברוגזן אין גאָטס נאָמען,
וואָס ביסט אויף דער אדמה געקומען —
אַ פאַרשאָלטענער אזא,
מיט אַ רשעות־רע
פון הריגה־פעלד,
טראָגסטו אין זיך דאָס שוידערלעכע בילד.

פינצטערכמאַרע איז אין דיין ראיה,
אַ געשפּענסטער דיין שאָטן,
ווייטיק אין האַרץ פאַרבראָטן.

וואָס פאַר אַ מתנה וועסטו ברענגען צו דער אור־השכינה,
חלומדיקן פריד־געשפּין,
ווערנדיק ביים אויפוואַכן צעקראָכן?
טראַכסט היינט צעפּיינט,
ווען גרויליק אַמאָליקע ימים
מאת די בלוטיק רויט,
פאַר'מחבל'ט צום טויט?

נאָכהילכן וועט געיאָמער,
פון אַ בלינד אומגעקומען קינד,
ביי אַ מאַמעבריסט, פון סם־המוות פאַרגאַזט;
קללות יללות,
אבלות־קלאָגן,
ווינטיק אָקעגן יאָגן.

ווי זינד אויף האָרב פון אַ חוטא,
וועלן דיך באַלאַסטן אין וועג וויסטן
אָפּשטאַרב־מינוטן
פון יונגלעבן אָפּגעגעבן
אַ קרבן צום מולך־גאָט.

וויפל מיליאָנען בחווּיים פון סקעלעטן־שׂר,
אויף שטורעם־פערד אַרומגעריטן,
וועלן פאַרשניטן?
אַ פאַרלוירענער דור.

אין דיין אָפּגאַנג באַגלייטן וועט דיך די הידראַ־שלאַנג
אַ מליץ־יושר זיך צו שטעלן
אויף די רחמים־שוועלן.

ווען צרות אַרום דיר זיך זאַמלען,
פליסטו אין די הימלען.
ס׳ווערט דיר דאָ ענג. ווערסט קראַנק.
פון איינגעאָטעמטער לופטגיפט,
ווערן די נערוון צעשרויפט.

זעסט רציחה־האַק,
אַ זוניקע צעבלענדט,
אין מערדער־הענט;
די שווערד פון שייד — ווי פון אַ רוח אין צעפּאָך.

מיט אָפּשפּעט־רייד,
לאַכט אין מיר דער גאַלגאַן־שד:
אויף דיין שקיעה־וועג פאַר נאַכט
זענען די אָפּגעלאָפענע טעג,
פון קרימזאָן־ליכט, אין בלוט איינגעריכט;
מיט יסורים איז פינצטער־האַרץ פאַרבראָטן.
דיך באַגלייט אַ געשפּענסטער־שאָטן.

פון יונגן לעבן פאַרשניטן,
די אָפּשטאַרב־מינוטן
טראָגסטו ווי אַ זינדהאַרב
אויף דעם ענגשמאָלן סליאַד,
אַ מתנה צו גאָט.
ביסט איינגעהילט אין צייטטיכער מיט לעכער,
פון פלעדערמייז אויסגעגריזשעט.

גייסט אַוועק אָן אַ שום טרייסט.
ווי רופסטו אָן דעם חלום־געשפּין,
וואָס ווערסט ברענגען אַהין,
צו דער אור־השכינה אַ מתנה,
געוועבט מיט בלוטיקן פאָדעם־רויט,
אין די תכריך־לייוונטן פון טויט?

# ס'זאָגט ישׂכר דער כופר

אין וויסטערײַ אַרומגעיאָגט —
זאָגט ישׂכר דער כופר:
ס'זאָל דער הילך-געשרײַ
פון די בני-עפר, אויף וויכער-פעכער זיך טראָגן,
מיליאָן פאַרלאָפענע מילעניומס אַריבעריאָגן,
אַרײַנשנײַדן זיך אין שממה פון עתיד-ווײַטן,
ווו קומענדיקע עאָנס וועלן זיך אויסשפּרייטן.
דאָרט ווער פון דער אדמה,
אין דער חושכערײַ
מיטן בליץ פון טרערן אויס נשמה-ווונדן,
וועט אויסגעלאָשענע שטערן אָנצינדן,
אַרומזוכן דעם האַר פון באַשאַף און צעשטער,
די שווידער-געוואַלדן אויסצוהערן.
איז ער צו געפינען
צווישן די קולות וברקים און די שחקים
וואָס צערינען?
באַווײַזט זיך אַלגעשטאַלט,
אָפּבילדענדיק אין זיך די גרויסקייט פון וועלט?

פאַרוואָר צווישן פלאַמיקע עיגולים,
אין כל-עולם,
פון זײַן חלום אַרויסגעבערט,
איז אַ משונה פינצטערע ערד
מיט קאָנוולסיע-אויפציטערניש,
גיהנומדיק מאַטערניש, פון חיות הבריות
אין טעג רציחהש אײַנגעקאַרבט
רויט מיט אָדם-דם געפאַרבט?

שׂר השמים!
אויב ביסט ערגעץ, פון כאָאָס ווילדן וועלטן אויסצובילדן —
איז דער קיום פון ימות־המשיח
אין די אָנקום־שנים פון די זוניקע זמנים?
און ווער וועט זוכה־זיין,
נאָך דער חשכה, צום אור החיים,
אין הייליקן שיַין פון געבורט אויפגיין,
וווּ ס'איז פריד אין צייט איינגעבליט?

דווקא מיך האָט אָנגעטראָפן,
אין גרוים־כעס אויפברויז פון דער שׂריפה־תקופה,
זיין באַשאַפן;
וווּ ס'פלאַקערן שדים־רוחות,
ס'היטשעט אויף אַ פּאַרע פון ערד־לעכער,
מיט שחורה און מורא.

ס'שפּרינגען אַרום אין מיינע בלוטן
ווערעמדיקע מינוטן פון ברענענדיקער צייט,
פאַרפּעסטעטע אומפּלייט
בייסן און ציפּן.
כ'טו צער און עגמת אין זיך אַריינזיפּן,
פאַרבלאָטער האַרץ מיט יסורים־קרעץ;
בין לץ,
פון וואָלקן דעם שטורעם אַרויסצולייענען,
הערן ווינטיקן הוראַגאַנען
מיט פאַרטומלעניש פון מענטשלעכן פּיין
מרעש עולמות זיין.

נאָך וועלכע שמיטהס זיבן,
איז אין נצח־לוח פאַרשריבן,
דער יובל פון ביאת המשיח?
גלויבן: ראָבן וועלן ווערן טויבן?

פון שטורעמדיקן אין־סוף,
הייבן זיך שטויבן פון קברים אויף,
ס'זאַלצט זיך אַריין אַ פרעסנדיקער שמאַרץ
אין אימה הנשמה.
סם פון גאַל און נירן דעם שטראָם־לויף פאַרפרירן...

כ'וואַנדער מיט קללה־ווערטער,
איבער פאַרגליווערטע ערטער,
טרעט אויף פאַרגוואַלדיקט לעבן, וואָס ליגט באַגראָבן.

ווּ זאָל איך זיך ווענדן, מיטן ברען־לשון פון מויל,
מיינע קלאָגן פאַרקינדן,
אַז די הימלען זענען הויל?

צו שדי דער הילף־געשריי פון בני־עפר,
זאָל ביליאָנען מילעניומס אַרויפוויכערן,
תקיעת שופר חלל־פינצטערניש דורכלעכערן,
בליציק קינדישע טרערן
זאָלן צעבליסקען פאַרלאָשענע שטערן,
פרומע — מיט בטחון אַרומזוכן:
איז דאָרט דאָ דער מושל־עולם,
וואָס האָט אין פלאַם בקול רום,
מיט ווינט־וואָלקנדיקע קאַפּריזן,
אויפן הר־סיני זיך באַוויזן
די געוואַלדן צו הערן?

די הויכקייט איז פאַרלאָזן.
כ׳שטיי עלנד אַליין, פאַרקלאָגט.
ס׳טראָגט זיך ווידערקול־געוויין
איבער דעם פייערדיקן ווילקיר.
ס׳רויכערט זיך דער המן־קוימען.
כ׳שפּיר די קללות אויפגיין אין מיר.
קינ־זינד אויפן שטערן ברענט.
כ׳בין פאַרזווּגט מיט דער ערד, אירם אַ קינד,
אַ פאַרמדברטער איינער
באַוואָרפן מיט סקילה־שטיינער.
פון אַלע וועלטן פאַרשאָלטן.

## היינטיקע רעגירער

אַ געקרוינטער פּאַרשוין אַ מאָל,
פלעג פון טראָן,
מיט אַ סצעפּטער אין האַנט
האַרשעווען איבערן לאַנד.

מלחמה־צייט, אַ געפּאַנצערטער אין שטאָל,
אַ שלאַכטפעלד־העלד אויף ווייסן פערד,
להוט נאָכן שונאס בלוט,
זיין צעפּאָכעט מיט שווערד.

די מושלים היינט במחילה,
מיט דער נוקלעאַרע כלי,
זאָגן:
ווענען מסוגל מיטן משחית־פויגל,
שׂרף־שד,
צעפלאַקערן שטעט,
רויך־וואָלקנדיק צעטראָגן,
אין ביסטרע לשון סטראַשען,
מדינות אין פאַרך איינאַשן,
מיט אַטאָם־פלאַם ים אין אַ פאַרע אויפשלאָגן,
טאָג פאַרפינצטערן אין נאַכט.
האָבן פאַרטראַכט מיט אַן אַטאָמיש סאַטאַנישן קאָמעט,
פייער־גולמדיקן „הידראָגינאַט״ *
פליִענדיק מיט אַ גיהנומדיק בלענדן,
הימל און ערד אָנצוצינדן.

---

* הידראָגין־באָמבע.

ס'זענען די פירער פון אויפגערודערטן המון
מגושמדיקע גראָבקעפּ,
ניט אין אָפּהיט-מקומות,
ווי פּעטראָפירטע מומיעס אויף פּעדעסטאַלן צו שטעלן,
אין קאָלאָסעומס אָנצווזען,
ווי די מושל-זין פון פּרינצלעכן מין
בתוך לאַנג פאַרשווונדענעם נעכטן —
פאַר אַ גראַנד-דאַמע
מיט אַ לאָרנעט צו באַטראַכטן.
זיי וועלן ווערן געמאָלן
— אַ קאַריקאַטור-פּאָרטרעט
— איינגעקלקלהטע שלום-שענדער
פאַרן עתידיקן דור,
אויפשטורעמדיק די פעלקער פאַרשקלאַפטע
אין פּרימיטיוו-לענדער
מיט נביאהדיקע פלאַמען,
בליץ-מאַטעריאַל פאַר בראַנד-אויפשטאַנד,
די אויפברויזנדיקע טעג
אָקעגן צו קומען.

אַז אויסשפּירער וועלן פון אַ ווייטן פּלאַנעט
אין וועג צו די שטערן,
אויף לבנות דורכרייטן,
פון נייגער געטריבן,
זעען פון ווייטן אין אַ ברענטאָוול פאַרשריבן:
בתוך די ימי שעשועים,
ווען דער אחרית-הימים איז געוואָרן מקוים,
האָבן מאַסן די ברואים פאַרגעסן.
די ספרים — פאַרשוויגן.
אויף די קברים — בלומען ניט ליגן.

# די ראַשמאַל־רייד

פון די פּאַשאָנאַדן

דאָס איז מיט קרעל־קול דער באַדייט
פון ראַשמאַלס ביטערע רייד,
אַרויסגעבראַכט פון מויל
אין אַ שאַרף־ביסטרען לשון.

מונמאַטרע כיטרע,
פייערדיקע סוטה־מויד!
דיין אויגס בליץ־בלינצל, צויבער־ווייב,
איז ניט פון אַ צנוע.
רייץ שלאָגט פון לייב,
להוט תאווה — פון צעצינדן בלוט.
דו!
מיט אומגעקעמטע האָר, רויט צעפּלאַמטע,
ליליתדיק צעפּאַליעט.

מ׳דאַרף ניט זיין פון באַרוף אַ פּאָוסט־פילאָזאָף,
מיט ווייַרויך־פלאַם, דורך כישוף־שפּרוך,
אַן אַרויסרופער פון שאול־תחתיות דעם לוציפער —
אין וויסטן רייסטער אויף אַ דף, מיטן דם־רע,
אונטערחתמנען אַ כתב —
צו דער טומאה נשמה פאַרקויפן;
פון גראָ־שימל־יאָרן יונג אַרויספלאַקערן,
מיט זיין נסך־וויַין אָנשיכורן,
נאַטור־צוימען ברעכן,
אים נאָכלויפן, אויפזוכן,
אַ בלאָנד צעבליטע מאַרגאַריטע.

כישופדיקע אפּראָדיטע!
מ׳ווערט גרינג היפּנאָטיש צעלאָכטן,
אין אַ ליד דיך איינצודיכטן.
גוף׳ס גראַציע אין געדאַנק איבערמאָלן,
בייג, נייג, שטיף, טאַנץ און אויגנגלי־גלאַנץ.

ביסט איבער מיין ווילן אַריינגעדאַכט
אין לעבנס־בילד,
אויפן הינטערגרונט
פון מיינע כמורנע טעג, וואָס וואָלקענען אַוועק.

ניט פון שכינה פאַרבלענדט,
טונק איך פען אין האַרצנס זינדיקער טינט,
דו מטרונית־ווייב.
און ניט גלאַט אַ ליד איך שרייב
אויף לוח־בלאַט פון היינט,
זוניק־שקיעהדיקע צעשײַנט.
לילית אשה,
מיט אַ חוה־תאווה ירושה —
אין דיינע פייערן ווער איך מיט מיין זינד פאַרברענט —
מונמאַטרע כיטרע!

# גאָטס חלום

פון אַ צעשפּילט־מעלאָדישער סימפאָניע
וואַקסן מיר פליגל אָן צום פלי
אין די הייכן
איבערן כל־עולם,
אייבערשטנס חלום —
אין אורבאַגינען זוכן
יצירה־סוד צו געפינען.

כ'זע: ס'שווימט אויף אַ פייערוווּנד
פלאַקערדיקער באַלעם,
רוימט אַרום אין הימלישן בלאָ,
און ערגעץ פאַרשווינדט.

אין ווירוואַר בלינדן
טוט אל־בורא איבער ביליאָנען מיילן אַוועקאיילן,
אַזעלכע זונען אָנצוצינדן
אין חלל־וואָלקענדיקער גראָ.

איבער יעדן תהום, אַזוי אָן אַ סוף —
זיינס אַ פלאַם־אויפרוף.

וויפל שטערן זענען פינקלדיק צעשייַנט?
ערגעץ געלייענט:
די כוכבים, ווי כרובים,
מיט שטראַל־סיגנאַל־שפּראַך
ריידן זיך דורך.

אויף כוואַליעס פון אַ סימפאָניע,
טראָגט זיך מיין פאַנטאַזיע אין די הייכן,
פון מחשבה־פעדעם אויסצושפינען,
דעם באַגינען,

יצירה־סוד אַרומזוכן
וועלן ס׳געהיימניש ווי געפונען.

קענסט טרעפן רימען דעם הייליקן נאָמען,
דבורים פון הייליקע ספרים,
בתוך תהלים־לידער,
קרבן־מנחה־סידור.
ניט אין רקיעדיקער בלאָ,
רוט די שכינה,
נאָר בתוך שלווהדיקער רו
פון אייגענער נשמה.

אַ קלעזמערדיקע סימפאָניע
צעשפּילט מיין פאַנטאַזיע,
הייב איך זיך פון גוף אויף,
איבערן תבל, ווי די טאַטרוין־טויב,
יאָגנדיק פון פּלאַנעט צו פּלאַנעט
מיט אַ בראשית־בלאַט אין שנאָבל,
וואָס זאָגט אָן, ווי וועלטן געשטאַלטן
אַנטפּלעקטן סוד — אָנהייב־מעשׂה פון גאָט.

# האַנושקאַ

האַנושקאַ!
לאָמיר אָוונטצייט
אויף זון־זינק־זייל אַרויפשפּאַנען —
פּאַר אונדז ביידן, ווי אַ טעפּעך געשפּרייט.

מירן אַריינשוועבן ביים מערב־זוים
אין גן־עדן־סטעזשקע,
פון שטראַלן אויסגעשפּינען,
איידער ר'ווערט איינגעלאָשן.

האָרך! נאָקטורן־אַקאָרדן אין ערגעץ־היים,
סאָנאַריש אַרויסגעפינגערט פון קלאַווישן,
ווערן מאַת ווייט אויף פּייפּלעך באַגלייט.

לאָמיר ניט אָפּווייכן פון אַטלאַנטיק־ברעג,
גרייכן דעם האָריזאָנט,
שטייגן אויפן וואָלקן־פּלעק,
געגילדיקט פון זונפאַרגאַנג.

ס'טוט באַנג, שטייענדיק אין דעמערדיקער צווישנצייט,
ביים אָקעאַן,
הערן אַ נאָקטורן —
פּאַנס פּיקאָלאָ און צויבערפליט,
מיסטישער אויפרוף פון לבנה און שטערן.

צו וואָס שטיין און וואַרטן
אין לעבן אָפּגענאַרטן
אויף פֿאַלשע כּישוף-פּלעמלעך,
מאַכנדיק נאַכט אומהיימלעך
מיט טאַנצנדיקע נימפֿן
אין שטיל-אַקוואַטישן אָפּשיין.

האַנושקאַ!
לאָמיר אין געאײַל שפּאַנען צום שקיעה-זייל,
ווי אַ סטעזשקע פֿון שטראַלן געשפּונען.
ס׳בענקט זיך מיט דיר
זיין אין דעם בליאַסק,
איידער ר׳ווערט אין טונקלעניש צערונען —
בעתן אויפֿפֿינקלעניש פֿון שטערן,
אָנפּלום און צוריקגום
לאָזן זיך הערן.

## כ׳האָב אַרויפגעתפילהט

כ׳האָב אַרויפגעתפילהט,
אַרויסגעפלאַמט געבעט,
צום הימל מיט שטערן צעפינקלט,
געלאָזט וויסן בתוך הויכע מקומות
פון מאָרד־מהומות,
אויף ערד אין חושך איינגעטונקלט.

ס׳האָט אַרויסגעשלאָגן מיין יללהדיק קלאָגן,
וועגן ראַקעטריז,
מיט מעטעאָרישן געהיס,
אַרויפגעשאָסן,
ווי וואָלקן, פון אַ ווולקאַן,
מיט ברויזנדיקן זאָד,
אָנרויכערנדיק אַ טשאַד.
מיין „עס־אָ־עס״ אין טומאַן צעפלאַקערט,
האָט אַ שטעג זיך דורכגעאַקערט,
צו באַריכטן יסורימדיקע ימי־ימים שלאַכטן
צום בורא כל עולמים.

מיט גאַליק פאַרדריסן
אימה־געוואַלט —
אין אָוונט־פינצטערניש אַריינגעדאַוונט.
אָ, שבור גע׳דבור —
כדור האָרץ,
קאָסמישער שאַנדפלעק,
אין אַרומפלי־וועג
עיפּוש־גאַז טוט נאָך זיך לאָזן.

איבער תהומותדיקע טיפן
טוט בלוט פון אים טריפן
בעתן אַרומוואָגלען,
מיתות צעהאָגלען.

ס׳האָט זיך אין די שחקים איינגעביסן
אַ לעולם־ועד געזאָג,
פון וויסטן לעבן אַרויסגערעוועט ;
מכשפות וויטערן אַן שרעק,
צעפּעכלען שׂרפות,
אויפוויכערן געקלאָג
פאַרן כסא הכבוד.

## געליבטע

פון פאַרקניפּטע עגמת־יאָרן,
באַטריבטע, פאַרשוווּנדענע,
אַלט געוואָרן —
לאָמיר אַוועק אָפּגעבונדענע
אויפן עתיד־וועג,
צום אָנקומענדיקן ליכט,
איבערלאָזן פאַרנאַכט,
פון איינגעפינצטערטן היינט,
האָבן אור־החיים־מקור אויפגעזוכט,
מיט שכינה צעשיינט;

הויזן אין גן־עדן,
צווישן ליליען און רויזן,
ביי די זייטן אַרום די בלומען־בייטן
מיט פילפלאַמענדיקע קאָלירן,
אַרומשפּאַצירן, —

ווּ צייט־באָבע,
אויס להבה־שטראַלן פאַרלוירענע פון זונען,
טוט איר מאָרגן־דויער, אַ נעפּלדיק גרויער,
אין אַ קרימזאָן־פייערגלי,
פרי אָראָריש אויסשפּינען.

לאָמיר אַרויס פון איינגעהושכטער ערד־סביבה,
אַהובה מיינע,
אַוועק אויף בין־השמשותדיקע שמש־בריק,
געשפּרייט איבער די ים־תהומות;
מיט צעפלאַטערטע נשמות
אָניאָגן די מקומות פון געטלעכן שײַן,
אין אייביקע טעג איינגעלאַכטן,

מיט בענק־בליקן דאָרט הויערן,
אין נצחדיק דויערן
תפילות אָפּריכטן.
וויפל ווערט איז אַן אויגבלישטש
פון אַזאַ לעבן
אין פאַרחלומטן שוועבן,
אַ טיף־זעליקן אַרויסגעטרערט?

מיר ביידע,
פרום, מיט אַ נפש־פלאַם
אַ הימל־הודו,
בעת הייליקער זריחה־שעה,
ניט פון וואָלקנס פאַרקאָפּטשעט —
צו הקדוש־ברוך הוא,
פאַר זיין זהר־לאַשטש
מיט יראה און אימה
האָבן אַרויסגעשעפּטשעט —
חנה מיינע.

## אוריאל זאָגט

אוריאל זאָגט :
שטראַלן פון טויזנט זונען
וועלן די פינצטערניש,
וואָס ליגט טיף אין מיין לעבן איינגעגראָבן, —
בתוך ליכטעניש ניט פאַרשפּינען.
ביטערניש גאַלט אָן מאָס,
קווילט אַ כאַאָטישע בייז פון מיר אַרויס.

פאַרשוויגענע ווייען,
זיפציק אין הארץ זיך פאַרזייען,
שטורעמס צעשריגענע אַרויסוויכערן,
טעג איינשחורן.

אויף גאָטס באַראָט
אַרויס פון שטאָט
מיט געוואַלדיקן טומל
און גיפטיקע גערוכן —
אונטערן פרייעם הימל
אַ ביסל שלוה זוכן.

וואָס פאַרא טייפלישער פאַשאָן,
אין מיר אַ צערוּעטער ברענט ?

פאַר וועלכער זינד,
ליגט איינגעגראָבן,
אַ טריפנדיקע וווּנד ?

זאַלציקער לויג,
פרעסט די ראיה פון אויג.

ווילד־געוויקס
בריט די באָרוועס־פיס.

כ׳גיס אויס בייזן כעס,
אַ שווערן קלאָג,
צו וועמען?
איז דאָ ווער
— אויסצוהערן,
באַנעמען,
מיין היים געוויין?
ווייסט ווער פון אַ הימלישער טרייסט,
השגחהס ווילן,
מיך איינצושטילן?

כ׳טראָג זיך אויף וואַלדשטעגן,
צו פרעמדע הייזער־שוועלן;
הער הינטיש בילן,
אָפּשפּעטיש לאַכן
פון מיר, גולם,
ביים אַרומזוכן,
יינגלישן חלום.

איך גרייז, שפּרייז אַרום ביי נאַכט
דמיונדיק פֿאַרטראַכט
אין דער געגנט,
ווו ס׳רעגנט מיט שטערן־פּונקען,
ווערנדיק אין חושך־ים דערטרונקען.

כ׳בלאָנדזשע אין תוהו ובוהו
מיט הייליקן סוד,
זוך חומשדיקן גאָט,
שלהבת־אש אין דאָרן־בוש,
מיינע פּלאָגן פֿאַר אים אויסצוקלאָגן.

## וואַרף אַוועק ס׳שרייבגעצייג

וואַרף אַוועק, הערש לייב, ס׳שרייבגעצייג,
ס׳אָנגעכתבטע אויף פּאַפּיר,
אין סומאַטאָכע — עת־חשכה,
אָן שום ווערט,
פון זיך אַרויסגעטערט.
צעפּראַל די טיר,
שפּאַן אַרויס פון הויז.
שטייג אויף אימאַזש־צעפליגלט פערד,
פאַרשייט ווילד,
אויסן מוח־מיראַזש אַרויסגעבילדט. —
מאת השגחה אומגעצאַמט דיר אָנפאַרטרויט.
רייט ווייט, אַריבערן האָריזאָנט מיטן מאָרגן־רויט,
פון זון צעפלאַמט.

באַגעגן אין עתיד־וועג,
פון אָניאָגנדיקער צייט,
אויפגאַנגטעג —
נעפּל פאַרפאַרעטע, אָנגעכמורעטע,
בליצן אין וואָלקנס געפּורעמט,
זמנים אויפגעשטורעמט.

קוק אַריין אין פּערספּעקטיוו.
זע דעם אָנפאָר פון קומענדיקע יאָר:
צי זענען אין מעת־לעת־פאַלדן,
געוואַלט־ און רעוואָלט־ריסן פון זמן־וויברעס,
מאת בני־אָדם מיט דם־פעדעם,
צו גאָלד־ און שטראַל־פיברעס פאַרוועבט?

ס'איז ווערט צו האָבן ניט געשטויגן אַרומגעשוועבט,
מיט דמיון־ראיה אין רעגנבויגן־מראה,
בענטשן דעם דורכלעב־געטריב,
און עבירות פון מענטשן־רורות.

צי וועט אויסזען דער בחיר היצירה־מין, אין דיינע רעיונות,
און עוונות,
מיט אַ שכינה־זיו, ווי אַ כרוב,
אין כל עולם איינגעבלענצט,
באַגייט אין אַ משיח־צייט,
אונטער אַן עץ־הדעת,
בתוך אַן עדן־גאָרטן צווישן סאַפּראַן־גראָז
און מירטן פאַרפלאַנצט?

זעטיקן זיך מיט אַ זאַפטפרוכט,
געטאָן צייטיקן,
פון זונשטראַלן,
בשעת אַ צעווינטלטער פלויש־לויש —
פון בוים,
אין שוים אַריינגעפאַלן.

ס'איז כדאי מיט הזון־השקפה,
אַסטראַליש צעלאָכטן,
דמיונדיק באַטראַכטן,
די אָנקום־תקופה מיט איר דור,
אונטערן עץ־הדעת, מיט חכמה־טריף,

זען אַן אַסטראָ־שיף
מיט בעלי־מחשבות,
אין אַ גאַסטלעכן פאַרבעט גערופן
ווייט אויף אַ פּלאַנעט,
אין חלל־געוווין אונטער אַן אַנדערער זון —
צו אַן אוניווערסאַלער אסיפה.

וואַרף אַוועק, הערש לייב,
ס׳שרייבגעצייג
און דאָס אָנגעכתבעטע אויף פּאַפּיר.

צעפּראַל די טיר.
מיט נשמה איינגעצערט —
שפּאַן אַרוים פון הויז
אין אַ ווייסן קיטל בלויז.

שטייג אויף אימאַזש־צעפליגלט פערד,
אין מוח מיראַזש־בלענד
אויסגעטרוימט,
אומגעצוימט דיר אָנפּאַרטרויט —
רייט ווייט איבערן מאָרגנרויט־האָריזאָנט,
פון זון צעפלאַמט.

באַגעגן אין עתיד־וועג
די גילדענע טעג,
וואָס די נביאים האָבן פאָרויסגעזאָגט
מיטן אור־המאיר באַגליקט,
שוין לאַנג פאַרן אויפגאַנג
אונטער אַ וואָלקן־פאַרשפּרייט אָנגעגרייט.

זע דורך דער פּערספּעקטיוו
די צייט:
ווען איבער די רוים־שטחים
אין די דיסטאַנץ דרכים
יונגע־לייט, תנאים־יידן,
אין אַ פליענדיקן דזשעט
פריינדלעך געלאָדן צו אַ פּלאַנעט
אונטער אַן אַנדערער זון,
זיין ברוכים הבאים,
מיט זיך שידוכים צו טאָן.

הערן מינדלעך דורך תהומות,
פון יענע מקומות צום המון־רב אַפּעלירן,
דאָרט אַהין אימיגרירן, וויסטאַס פּאָפּולירן,
מדברם קאָלאָניזירן.

# מחשבות

ווען כ׳פֿאַרפֿלי שווינדלדיק הויך
בעת מיין דמיון־טור
ביליאָנען ליכטיאָר
איבערן תהום
פֿון אוניווערז
אין דער אור־תמידדיקער חשכה,
ווו ס׳האָוועט נישט אַרום דער רוח אלוהים
הייבט זיך מיר דער מוח.

כ׳ווער פֿאַרלוירן
אין הבל־הבלים,
אויסן אַפּס אַרויסגעפּרוווירן;
צעזשאַווערט, פֿאַרוויסטלט,
אָן השגחהס זריחה,
איינגעגנעסטלט בתוך פּוסטע אומענדלעכקייט,
פֿאַראומערט איינגעשלומערט אין דער אייביקייט.

כ׳שוועב הויך,
בתוך ערבהדיקן מקום אויפֿצונעמען פֿלאַמיקע שחקים,
קוואַזאַרן * מיט מיליאָן־טריליאָן גראַדיקן היץ־בליץ,
קאָמבאָסטיוו אין סענטריפֿוגל־געלויף,
בתוך תהומדיקע טיפֿן,
נייע גאַלאַסקעס שאַפֿן
מיט מילי־מיליאַסיקע ריגל און אַנטאַרעס: **

* אור־כאַאָטישע פֿלאַמען
** שטערן

נאָוואַס, זונען, קאָמעטן, לבנות, פּלאַנעטן,
אין די רוימען,
אַרומצופּילגערן,
אײַליק יאָגן, פינצטערניש צעשלאָגן.
קאָסמאָס צעוואַלגערן.

איך, מיקראָ־נול אין דעם ווירוואַר־שפּיל,
באַנעם מיטן חוש־הרוח
ס׳אַרויסהילן פון נעפּל צעווייטערטדיקער תּבל,
באַגרייף, גאַף,
מאת די חדש־צעבליטע הימלישע שטחים,
פאַרפאַנטאַזיר מיטן שׂכל נצח־נצחון
פון כּביכול.
קרעאַטיווע ווירבל־פייערן, צעטומלטע,
איבער מיאַזמישע כאַזימס
אייביק פאַרשימלטע.
אַטאָמישע, בילי־טריליאָן, קוואַדריליאָן,
מיקראָקאָזימס,
געוועלטיקן, שטאַלטיקן אוים פון זיך וועלטן,
פלעמלדיק געבוירן,
עד לעד צו געדויערן...

איך, בשׂר־ודם, בחיר הברואים,
באַטראַכט בלענדיקן אויפקום
מיט אימה און יראה :
היה, הוה, און יהיה ;
שייד אוים ליכט פון נאַכט,
סדר פון כאַאָס־געררודער ;

בענטש אַלגעטלעכן צעשײַן;
ווינטש דעם לעבן:
נישט צוריקצוגעבן,
אײביק אַרומצושוועבן,
אַרײַן אין כל־עולם־חלום,
אים נצחדיק אין פּאָעזיע
פון דער פאַנטאַזיע פאַרוועבן.

איך, וואָס ווײס ניט ווער איך בין,
צו וואָס כ׳געפין זיך דאָ —
מיט רעיון און חזיון באַשערט,
אומגעזוימט, אַ סכום פון אַזוי פיל זמן,
אין דעם פאַטאַלן שפּיל פאַרבּרענגען.
איך, בן־אָדם,
שפּין פון מוח־פעדעם,
אין משך פון מײַן עפּימירל זײַן,
דעם קדם,
אור־זהר און חושך,
בילד פון וועלט —
צעקאָסמאָסט מיט ביליאָנען שטערן;
טראַכט וואָס וועט פון מיר ווערן,
נאָכן בלינדן פאַרשווונדן.

וועט ווער אַ קאַניץ נאָך מיר צינדן?
זיצן בעת שקיעה מיט צעפינקלטער ראיה
אין מײַנע כתבים פאַרזונקען?
זיך דמיונדיק צעשטרײען, מיך תחיותדיק באַנײען?

ווי אַזוי זאָל איך מיט אַ תּפֿילה־נורא
לויבן דעם בורא,
פֿאַר דערהייבן מיך אין מיין השגה
צו אויבערשטער מדרגה
פֿון אַ וויזיאָנירטע רחבות מיט בראשית־מחשבות,
וואָס כ׳טו אָפּט נפֿלאהדיק
אין מוח איבערמישן,
פֿאַנטאַזיע צעשפּילן,
התלהבות דערפֿילן,
ביז לעצטער זעלשטראַל בתוך וויזיע
ווערט אין טויט־אַשן זיך איינלעשן.

## אין אַ מענטאַל־דזשעט

אַז ווערסט במחשבה אין אַ דזשעט־מרכבה
צווישן קאָסמישע שטערן זיין פאַרפלויגן
בעתן דורכשוועבן אַ גאַלאַקסישן טומאַן,
ווערן גראַוויטאַטיוו צו אַ פּלאַנעט,
מיט הומאַן לעבן צוגעצויגן —
זאָלסטו פאַר די סענסיטיוו יונגיאַריקע און גראָהאָריק נייגעריקע

אונטער שאָטנדיקע פּאַלמען,
ס׳שווידעריק ערדבילד אויספילמען —
מיטן זע־זיו פאָטאָגראַפירט,
מענטאַל־אימה אין נשמה איינגעפּרירט.

פּרוּוו אַרויסגרוילן, מאָלן:
רציחהדיקע געשלעגטעג.
מלחמה־מהומה. היראָשימאַ־טראַומאַ.
גערמאַניאַס וואָטאַן מאַניאַס.
דעמאָנישע שׂרפה־פאַבריקן.
אומקום־היימען
מיט שטאָרץ־קיימען,
אָטעמדיקע טשאַד־ריחות,
סמאַלענדיקע שוואַרץ־רויכעס.
געשטאַלטיק פאַר זיי אוים
דעם בחיר היצירה:
סאַטאַן־שׂררה איבער דער נאַטור,
קולמינאַט אין שאַנד־קרעאַטור,

מיטן צעדונערטן בליץ אין באַזיץ,
דעמאָניש אויסצוריסטן,
כדור הארץ פאַרוויסטן.

דערצייל דעם עולם:
תיפלה־הויז־יויז —
שלום־געץ אויפן צלם־קלאָץ גענאָגלט,
צעשפּרייט די הענט,
איז מכפּר זינד בלוטיקע,
אין הארץ פאַרזיגלט,
ביי די ערלים,
מיט משחית־כלים,
צעהילכנדיק,
אַ שוידער־גערודער
פון מחבלים,
אין אַ טאָרנאַד־געפילדער,
וויכערנדיק איבער בית־עולם־פעלדער
מיט פאַרפלאָמטע ספרים,
קברים איינגעדמטע.

אַ ציקלאָנדיקער אין רייטן,
טוט מעפיסטאָ,
איבער שטעט איינגעריסטע,
סם־המוות שפּרייטן.

אַ גיהנומדיקע הריסה,
גאַז־גסיסה,
גיפט פון פייער־שלאַנגען
אין שוואַם־רויך — וואָלקנס אויפגעגאַנגען.

פילמיר אַרוים אין דמיון־וואַנדער איבערן הימלישן רוים,
געוואַלט־בילד פון קינדער,
אין אַ פלאַקער־טרוים,
פון די וויגן אויפגעשריגן.

ארורה־טעג
אומזריחהש אויפגעקומען
חשכהש פאַרשוווּמען.

וועסט מיט דיין אַרומפליִען
צווישן קאָמעטן, שטערן און פּלאַנעטן,
וואָס גליִען און פינקלען,
מיטן ערדשאָטן קאָסמאָס פאַרטונקלען.

## אויף כנפי השכינה

טראָג מיך, פאַנטאַזיע,
אויף כנפי השכינה,
אַריבער דער וואָלקן־זאָנע
מיט אַ וויזיע באַזעלט,
צו אַ חלום־וועלט —
אונטער אַ בוים־שאָטן פון עדן־גאָרטן,
זיין אין שלום־ושלוה פאַרוויגט.

יאָג מיך פון כאַאָס אַרויס,
אָפּגעקערט פון באַיאָרנטער ערד,
אַ דינאַמיש שטורמיש צעצערנטע,
ווו אירע באַזיצער, שׂרפה־אָנהייצער, מלחמה־צעבליצער,
זענען בלוטיק צעקריגט.

זעגל מיך אַריבער אין אַן אַוויאָ־שיפל
דעםווירבלדיקן ערפל־ים
מיט אוראַגאַן־וועלן אָנגעשוואָלן,
פון ווילד־פאַרטויבן אויפגעטריבן,
נישט צו הערן געוואַלט־געשרייען
פון די אין גיהנום, וואָס פאַרגלִיען.

פאַרשווים מיך צום אויפפלאַם פון מאָרגנרויט,
ווו די טעג אויפבלִיען
פון יענער זייט, האָריזאָנטאַל,
מיט אַ זריחה־שטראַל
אָפּגעגרענעצט ;

ווּ ס׳לעבן איז נישט איינגעקאַנעצט,
פֿאַרצאַנקט רגעם מינוטן,
צייט־קנויט
זופּט אויס דעם ברענשטאָף פֿון די בלוטן.

שוועב מיך אַוועק פֿון אַדמה־מהומה,
ווּ איבער איר
פֿייערבלײַ האָגלט,
טויט צעפּליגלט,
שאָטנט אָן מורה־שחורה־מורא,
נשמה־אימה.

טראָג מיך, פֿאַנטאַזיע אויף כנפֿי השכינה
איבער דער וואָלקן־זאָנע צו לבֿנה־ספערע,
ווּ איר איז באַשערט
זיין נאַכט־ליכט
אויף איינגעהושכטער ערד.

## אויב באַשערט

אויב מיין נשמה איז באַשערט
זיך גילגולן, אין הימלישן חלל ווייט פאַרפליט,
בעט איך ביי כביכול צו ווערן
בבחינה זינק-פונק פון אַ שטערן,
אַ פלאַם-אויג אין הימלישן אפלה-ים,
מאת אַ ווייַטן שכן פון דר׳ערד —
איבער הונדערט יאָר,
אין נאַכטיקן אַרומפאַר,
געוואָר צו ווערן:
איז אַדמה אַלץ נאָך אין מלחמה-מהומה?
צי לאַנג שוין צעשטערט פון אַטאָם-משחית,
קייקלט זיך אַרום אַ פייער-רויטע,
אַ פלאַנעטישער סדום,
צעפלאַקערט אין רוים,
פאַרשאָלטן, צווישן וועלטן אַ טויטע?

כ׳וואָלט וועלן זיין ראוי האָבן די זכיה
וויסן, צי תנך-נבואה איז מקוים געוואָרן:
למד-וואָוו, אחרית הימים, תריעהרירן,
פאַסטעכער פון טיר, רינד און שאָף מלוכה פירן
אָן זינד, קנאה, שׂנאה,
בשלווה ושלום, עם-העולם,
מיט לויב-דערהויב צום שם-הויה,
אור הרחמים דשמיא.

פייגל פון שטייג, אויף שפיץ־בוים־צווייג,
צעפליגלט אין אַ טאַנץ־שפּרינג,
טשוויטשערן אויס אַ משיח־געזאַנג.

מענטש אין זיין עדן־גאָרטן,
אונטערן עץ־הדעת־שאָטן,
איז פאַרטיפט אין חלום פון בריאת־עולם.

צי גאָר די מאָנסטער־מאַשין, קאָמפּיוטער־גולמאַט,
שטאָל־שד אויסגעפּלאַנטער
מיט ראַדאַריום־שטראָם
וויברירט אויס דעם סדר־היום
פון יופּיטער און מאַרס,
חרוב־געשטאַלטן אין וויטסטן רוים,
סיגנאַלירט כאַאָס אין קאָסמאָס ?
פאָטאָגראַפירט מיט ציפער און נולן
ליכט־בלענץ און מייל־דיסטאַנץ
פון מילי־מיליאָנען אַסטראָנען ?
האָבן הימל־פליער ראש הפּיסגה אַפּעקס
פונעם אוניווערס דערגרייכט ?
תהום פון סודות אלוהים ?
לבנה מיט מים־חיים באַטייכט ?
ברוח שמים צעווינטלט ?

ראַדיאָ־מאַשין
עבר־זשאַווער מאת עפר ואפר אויסגעשימלט,
צעגרינט און באַבלימלט —
טויטע פּלאַנעטן און סאַטעליטן
באַוואַלדט, פייערן צעקינדלט.
פאַרלאָשענע אַסטראַלן געמאַכט צעשטראַלן ?

אויב מיין נשמה איז באַשערט
זיך גילגולן אין הימלישן חלל
בעט איך ביי כביכול צו ווערן,
בבחינה זינק־פונק פון אַ שטערן,
אַ פלאַם־אויג אין הימלישן אפלה־ים,
מאת אַ ווייטן שכן פון דר'ערד —
איבער הונדערט יאָר,
אין נאַכטיקן אַרומפאָר,
געוואָר צו ווערן, וואָס ס'טוט זיך דאָרט:
שאַרפט זיך שווערד צו מענטשלעכן מאָרד?
איז זי צעשטערט פון אַטאָם־משחית,
און קייקלט זיך אַרום אַ פייער־רויטע,
אין תוהודיקן חשכות,
אַ פלאַנעטישער סדום צעפלאַקערט אין רוים,
פאַרשאָלטן צווישן וועלטן טויטע —
אין גאָטס ראיה אַ דאָרן?
צי גאָר איז נבואה מקוים געוואָרן,
למד־וואָוו־פיטערער פון טיר, רינד און שאָף,
זענען די מנהיגים פון דער וועלט?

## הימלישער שר

וואָס ביסטו אויסן געווען, האַר,
מיך, אַ מיניאַטור-קרעאַטור.
מיט אַ טיף אינטויִטיוו זעל-געפיל,
צווישן מילי-מיליאָסן באַשעפענישן,
האָבן צום לעבן, ב׳נאַטור-אופן,
פון די געהיימנישן אַרויסגערופן?

דורכמאַכן געבורט-פּראָצעדור,
לופט איינאָטעמען און אַרויסדעכען
בעתן אַרומשלייכן אויף ווערעמדיקער ערד,
צייט פאַרטרוימען, ווי אַ הלאָווינע אויספלאַמען,
דיינע סודות פאַרפּלאָנטערן,
דעם נעכטן אין מאַרך פון שאַרבן איינצווינטערן,
טראַכטן: כ׳בין אַ קרבן אין קריגס-שריפה
פון בלוטיקער תקופה,
בעת ס׳אַרומשלאָנדערן,
אימת-מוותדיק דורכוואַנדערן
דעם פּרוזדור פון עולם-התחתון.

ס׳ליכטזיכט אין אויג מיר איינגעהעלט,
איז מיר געגעבן
אין די געהירן אַריינפאָטאָגראַפירן
מיט געדאַנק-פאַרבן די קאָסמישע וועלט,
דערנאָך שטאַרבן.

דמיון־קנויט פאַרפּלאָמט,
חיות־קראַפט,
זייגט אוים דעם זיו־שײַן, נשמה־פײַן
אין נפש־טיפעניש איינגעקלעמט.

כ׳בין דיין עבד אַף־באַשאַף פון אָדם־שבט,
צווישן פיל צאָל ווידמעגישן אונטער־זיו־החמה,
אויף טונקלער אדמה אין איר אַרביטיקן ארומלויף.

וועלכע מיסיע דאַרף איך דורכפירן:
פלאַטערן, ציטערן, איידערן גוססן און פאַרפרירן?

וואָס איז מיין גולם־שליחות אין ארבע־רוחות העולם?

צי ביסטו אַליין
אֵש־גלל אין חלל אָן סוף,
בלענץ מאת באַגינען, פלאַקער פון זונען.
מוזסט אָנגיין מיט שאַפן און אַרויסשלייפן,
זוהר־שיין פון ביליאָנען שטערן;
„יהי־אור״! —
בליצפייערדיק צו ווערן.
אין די תהומען אַרומצורוימען?

בין איך, איש־עפר, געקומען רעקאָרדירן
דאָס טריליאָן נצחדיקע צעצינד אין פירמאַמענט,
אַריינשיפרירן מיט פען און טינט
אין אַ פּאַפּיר־ספר?

דאַרף איך ביים וואָך זיין דיר אָפּגעבן שבת,
שירים זינגען, דערפאַר, האַר,
וואָס כ״בין געצווּנגען צו זיין געבוירן
אין בלוטיקסטן דור,
הויערן אויף ווערעמדיקער ערד —
שאַנד־בראַנד פלעק אין פּרצוף פון וועלט —
פאַרשעלטן מיינע דורכצוג־טעג,
פאַרלאָפענע אין ניט־פאַרשלאָפענע יאָרן?

מוז איך זיין דיינס אַ קרבן,
ווי אַ הלאָווניע אָקעגן פּראַכט פון זונען
אין די ה״י־פלאַמען אויסברענען?

דו, באַזיצנדיק דעם הויפּט־יסוד,
צעבליצנדיק אַטאָם־פונק
מיט העליאָם־בלענץ,
טוסטו קאָסמאָס, אוים כאַאָס
אין אַ וויטן דיסטאַנץ אויסשפרייטן.

בין איך געקומען זיך דאָ ארומשלאָנדערן,
דאָס באַוווּנדערן?
קען איך אָנווייזן, אז כ׳טו איבערלאָזן,
אין די הימלישע הייכן
אַ העלזוניקן צייכן?

וואָלקן־רויבערס, מראָזשענדיקע כמאַרעס,
פון ראיה דאָס שימערן פאַרדעמערן,
שאָטענען־אײַן די שקיעה־סטעזשקע
ווו איך שפּאַן,
פאַרנעפּלען די זון.

מיטן לעצטן טראַט
זאָל כאַטש אַ ליכטיק ווערט-וואָרט,
אין די אינפּראַ זינקשטראַלן
אַריינפאַלן,
זיין אַ קרבן צו דיין הון-עלמא-שגעון:
פון ברענענדיקע שטאָפּן אַסטראַלן שאַפן,
נייע וועלטן צו ווערן,
און לאַנג-אויסגעגאַנגענע — צעשטערן.

# מיין ליד

ניט פון אַסטראַל־מאַטעריאַל איז מיין ליד
אין האַרץ־קוזשניע אָנגעהיצט,
צווישן מענטאַל־האַמער און אמבוס,
מיט סענטימענטאַל־פונק צעשפּריצט:
אַ טראָכיי, יאַמב, אָקטאַוו און סעסטעט, טעטראַמעטיש
צי פּענטראַמעטריש אויסגעשמידט.

אין אַ שיר, אַרויסגעהיסעט פון מיר,
איז גרויער וואָלקן־טרויער,
רויך־שימל איןווירבל־געווימל,
אויס נויט־גרויל־קנויט
אין נשמה־ווונדן, אָנגעצונדן —
געדאַנק אַרויסגעטרוימט
פון דם צעזידט, איבערגעשוימט,
פּיין־געוויין אין נפש טיפן
אויף עגמת־שטיין אויסגעשליפן.

מיט פעדער און אָדער־טינט
אויף ביבולע־פּאַפּיר
ברענג איך אַרויס פון ימי־בהלה
מאַדים־רוחות, שדים־הינט,
כימערע־וואַמפּיר, געשפּענסטער־אַפן,
אַ פאַנטאַסמאַגאָרע מרה־שחורה
פון צעפּיבערטן מוח אַרויסבאַשאַפן.

וואָרט-גריד, אין די אינערע פייערן אויסגעגליט,
ניט אין אַ פערזיקן גראַם-צוים,
אויסצווזינגען: —
לישעט, מעטאַפּאָריק-פּעגאַסדיק צעפּלאָשעט,
צום חשכה-זוווירער פון שטן-טכויער,
אין גאַלאָפּישן געררייט, לאַנג געדויער
פון בלוטיקער צייט אַריבערצושפּרינגען.

ס'ליד: משוגעת פון רעיון אַרויסגעבליט,
ברמיזה אויף בוך-בלעטער —
וועגן אַ שוטה איבער וועלט צעקלינגט,
וואָס שווינגט הילצער-שווערד,
קעגן אָלימפּ-געטער,
וויל ס'אַפּאָלאָ-ליכט אין אַ זיפּ פאַנגען,
בתוך אָנגעפינצטערטער נאַכט
אויף דר'ערד אַראָפּברענגען.

מיין געזאַנג — ניט נביאישער טרייסט,
נישט שתיקה-קול,
נאָר מיט גערויש, ווי ניאַגראַ-פאַל,
פאַר די בני-חשמל זעם-פלאַם.
קעגן זייער זינד צאַרנדיק-צעברענט.

אַן אויסגעשאַרפט מוסר-מעסער,
צעגליט רויט, די משחיתים שינדט,
וואָס ערד פאַרמיסטיקן,
וויסטיקן אַן טויט,
אַ מלחמה-מאָרד —
פאַלמעסט היפּאָקריט-נשמה,
צעפּרייפלט מיטן שלום-וואָרט.

מיין ליד פון מיזעראַבל געמיט,
יסורימדיק צעבריט,
פֿאַלט שטום אויף טויבע אויערן.
ס׳דרינגט ניט דער געברום
אין הערצער איינגעפרוירן,
ברענגט ניט אַ באַנג-ווידערקלאַנג,
פון פאַרוואָגלטע
אין צעהאָגלטער תקופה.

מיט איינגעקלאַמערטע פויסטן,
פון מחשבות פאַראומערטע,
איז ליד בייז-צאָרנדיק צעזידט,
אין דרויסן פוסטן,
אַקעגן ליגן
בייסיק צעשריגן.

ניט אַ זמירה,
נאָך אַ מרירה,
הייזעריק צעכריפעט,
עגמתדיק, פון נשמה אַרויסגעכליפעט.

# צו מיין געליבטער אין אָריענט

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

ביי אונדז אין אָקסידענט
איז שלום־שלוה־חלום צעשטערט,
פון קריגסלייט, מיט שווערד אויס שייד
אין בלוטיקע הענט,
קעגן אַן אָריענט־לאַנד —
שאַקונדראַ.

קאָמפיוטערס־גולם־מוחות, שטאָל־רוחות,
קאַלקולירן, פאַרנאָטירן, יעדן קער און ווענד —
רעכנרייסטער פון מלחמה ווייסטער, פירן,
פאַרסומירן, מיט פלעמלעך רויטע,
צאָל פון טויטע.

די לופט פאַרטומאַהט פון גאַזן און רויכעס,
אַרויסגעקוימענט פון פאַבריקן,
ווו כלי־־משחית ווערט געפורמעט —
טוט דעם אָטעם שטיקן.

איבער וואָלקנס בליציק צעשטורעמט,
מיט מבול אָנגעשלאָגן,
אַטאָם־געשפענסטער צו מדברס האַווען, יאָגן,
אויסצופרוון טייוולשע מאַכט ;
פון אדם־שׂטן פאַרטראַכט ;
האָבן פלאַם אויסגעשפּיט,
חיות מיט סם פאַרבראָטן, טויט געשפּריט.

המון־אויגן זענען פאַרנעפּלט,
פון צביעותדיקע עוון־רייד איבלט.
די נערוון, אָנגעצויגן, רעגן אויף,
רייצן, צעהייצן דעם גוף.

ביי די איינגעדומפּטע ברודיקע טייכן
שלייכן זיך אַרום אויסוואורף־לומפּן;
מיט וואולגאַר־עברי גאַסן־חברה
שימפּן אויסגעלאַסן.

פייער־וואַגן צעלעמפּעלט רויט,
מיט זעם צעפּיפּן,
פון פאַלש־אַלאַרם אַרויסגערופן,
געוואַלדיקט צעשריגן, וועקט פון שלאָפן,
שרעקט קינדער אין די וויגן.

פון „וואַך־טורעם",
אויף קאַסטן אין אַ סקווער־פּוסטן,
„יעהאָוואַ־עדות" תמימותדיקע בריות,
הילכן אַרויס אַ נביאות
„איבערן אַרמאַגעדאָן מיט וויסט מעפּיסטאָ־זדון,
וועט גאָט זיין צאָרן אויסלאָדן".
וואַרפן אַ יראה
מיט זייערע אויסגעגראָבענע ווי פון קברים,
אָבליש־ביבלישע שטראָף־דיבורים:

„ס׳וועט בורא פון הימל
האָגלען אַ שוועבל־מבול,
פאַרדונערן די ערד מיט בליציקן געטומל,
פעבל־שטעט ווי סדום און עמורה איבערקערן;
יללות, לילית־קולות, ווי הינט־געוואָי,
און בייז הודיען, רוישן
פון אבדון־ווינט
וועלן די שטערן אויסלעשן,
שרעק־שאָטנס אָנמאָנסטערן.
אַ טונקלעניש אָנפינצטערן״...

ביי אונדז אין אָקסידענט
זענען מכשפה־פלאַמען
אָנגעלייגט פון צעדייווערטע הענט,
אונטער ריזן טעפּ;
ס׳זידט, קאָכט,
פאַרן שד צעלאַכט,
אַ געמויזעכץ אָנצופלעקן צו זאַט.
ס׳דאַמפּט אַרויף אין דער הייך,
פון גייסטער־יויך, טשאַד־ריח.

דער בעל־חלום,
אויפן צלם, מיט געבויגענעם קאָפּ,
וויל פון שתי־וערב אַראָפּ;

אַוועק צו אַ זוווּיער שפּאַלט *,
פאַרבלאָנדזשען אין אַ טכויער־וואַלד,
נישט ווערן געפונען
פון די, וואָס קומען מיט בלוטיקע הענט,
פאַר אים תּפילה טאָן
מכפּר צו זיין די זינד.

ביי אונדז,
געליבטע פון אָריענט,
זענען מעפיסטישע פלאַמען צעברענט — — — —

* אַ טיפּעניש צווישן בערג

# לאָמיר איבערלאָזן הינטער זיך

אויפן שקיעה־שליאַך
לאָמיר איבערלאָזן הינטער זיך:
עפּושדיקע לופט־נערוך מיט גאַזן־זייערע אָנגעזויפּט;
ישועה־רייד אָן האַפּט; גילדענע הוריות פון פירערשאַפט
אין אויפברויז־צייט;
הינטישער ליגן, נבלהדיק בילן,
דלות־יללות איינצושטילן.
המון־נויטקלאָג, נבזהדיקן באַטרוג פאַרוויגן;
פריסטער־פרעפּלעניש צעבאָזשעט,
פאַרן קלויסטער־עולם,
קויל־שוואַרץ
פון האַרץ און מויל געסאַזשעט.

ביים דערווייטערן זיך אַוועק
אַרויסמאַזשען די שרעק,
פלאַמיק רויך איינגעשׂרפהט אין מוח.
אַ פלוך צום עיפּושדיקן גערוך
פון צעווינטלטע קראָפּעווע און גראָזן
הינטער זיך לאָזן.

מאַת טיפן טויטנטאָל אַנטלויפן,
ווי רויבפייגל מיט צעפּאָכעטע פליגל,
צעוויכערטע, פאַרשחורטע —
קראַען מיט שנאָבלען פאַרשפּיצטע,

איבער הריגה־פעלד מיט בליקן צעבליצטע
ווילד אָנגעפלויגן,
פון פגרים — אויגן פאַרגלאָצטע אויסצופיקן.

איבערלאָזן רעיונות,
סטראַך־דמיונות, נאַכט־כימערעס, מוות־מהומות,
גרויל־שטורעמס אויסגעדראָשן.
זעל־פייערן ניט פאַרלאָשן.
רויע־שואה־ווונד צעברענט,
מחשבות־שממות, אָפּל־אימות,
אין צווייפל־תהומות,
פון שכלדיק דענקען איינגעזונקען.

געפּלאָגטע,
נאָכגעקלאָגטע
— פון אַ יאָמערדיקן לאַמענט
אָוועק צום זוים
פון ערד־ און הימל־ברעג,
— אַריין אין האָריזאָנט־ראַנד
זריחה־זיו געניסן,
ווי אַ בייזן חלום,
בלוטיקן נעכטן,
אין עולם־התחתון פאַרגעסן.

פון רוחות אין חשכות באַוויינט,
לאָמיר אַריין שמייכלדיק צעשיינט,
שעפּטשענדיק אַ תחינה
אין שכינה־היכל פון כביכול.
מיט קדם־שטראַל־פּעדעם

פון אורבאַגינען,
נצחדיק אין תפארת זיך איינשפּינען.

ווייט אין רוים
נהנה זיין פון אלוהים־טרוים,
אין זון־זינקענדיקן אָוונט —
אַ שלום־שלווה לוינע
איבער וועלט צעדאַוונט —
חנה מיינע.

## העט ווייט

העט ערגעץ אַוועק:
איבער די שחקים אין מרחקים,
מוז זיין אַ פּלאַנעט
פון ברואים,
צדיקים גמורים,
וואָס קוקן אין אַ זאָרגשרעק,
אַראָפּ
בעת קאַיאָריקן גלי
אויף ערד
אין איר אָרביטן געפלי
מיט אָדם-רשעים —
קרעאַטאָרן פון אַטאָם-מעטעאָרן,
פייערוועדק,
וואָס וויסטלט און צעשטערט.

אין הימל-מקומות
האָט מען מסתם תרעומות צום אל המרומות,
באַשעפער פון כדור העפר:
אַשמדאַי-פילוועריק.
ווילד ריטשעריי אין אויפפלאַם.
בלוטיקער אומקום.

מסתּם העט ווייט אין רוים,
קוקנדיק אַראָפּ אין תּהום
צו ערדס הריסה־מיתה־גאַלאָפּ —
מוז מען פאַרשאָלטן זי האַלטן,
זעענדיק אַ האָלאָקאָסטעריי
מיסבאַשאַף אין אָרביט־געלויף,
אַ חיה רעה־מענאַזשעריע
נידעריק געזונקען
אונטער פאַרגליווערטן מאַרס
אין אָפּגרונט פון אוניווערז,
אַ גיהנום־באַלעם,
פון בראשית אָן
אַ פאַטאַלער טעות
אין סדר־העולם איינגעטריפהט,
אומקרייזנדיק אַקעגן זון,
צעשׂרפהט
מיט וויסטע אָדמס אַטאָם־פונקען
גרויל אין וועלטאַל,
אייביק צו געדענקען...

# פון אָלימפּוס

מ׳וואָלט דאַרפן
פון אָלימפּוס־לאָמפּ,
איבערן שימל זומפּ —
אַ ליכט אין די פינצטער־הערצער וואַרפן.
ערשט נעכטן אויסגעדאַכט,
ס׳שלאָגט פון זיי אַן „אַפּאָלאָ־שיין״,
איצט שוואַרצער ווי קויליקע אַשן
אין די ווולקאַן־קראַטערס אויסגעלאָשן.

מ׳זאָל געווען באַלד דעם רעיון־בליסק
ווי גאָלד,
אויפן פּרוושטיין
פון פּאָעט די פּראָפעט־תורה
מיט אַ מענטאַל ברען־זיירע
אַרויסשרפּהען זריחה־גלאַנץ,
געזאַלבטע כוהנים־ברכה —
בעת שטייגנדיק אויף די מלכות־טרעפּ,
מוזע־קרוין אויפן קאָפּ,
פּאַקלענדיק מיט אַ פאַלשן סימבאָל־שטראַל,
אויף די מחשבות־זרות צווישן די שורות
אויסגעמייסטערט אין סאָנעט־זמירות,
אויסצוגעפינען הבל־הבלים־דיבורים.

איז צום באַגרייפֿן
ס׳ציקלאָניש שווישטשען און פּייפֿן
פֿון אַ הוראַגאַן,
וואָס זאָגט קיין גוטס נישט אָן?

אין חשכה־ים,
מיט צעטומלטע געדאַנקען —
בתוך מיל־שטראָם פֿאַרטראָגן,
געהויבן פֿון כוואַליעס
און ראַפּטאָם צוריק געזונקען,
הערנדיק קולות קלאָגן,
אַ שלוכצן, קרעכצן, פֿון טריב געמיט,
צעוואַלגערט אויף די צייט־וואַלצן
מיט ווייזאַלצן אין לייב איינגעבריט.

מ׳ווירבלט אַראָפּ,
אין אַ קעסלגרוב,
ביז צום שלונד פֿון גיהנום־תהום,
צעבליוועט מיט לאַווע
אַ להבה־סם.
מ׳טויכט אויף צוריק פֿאַרחושט,
פֿון דעם דראָדלדיקן
רוישגעברויז
אַרויס
דעכענדיק דעם גיפֿטיקן חשמל־גאַז.

קען פון אַ חושך־האַרץ,
שוואַרץ ווי דער אָניקס־שטיין
אַרויסשכינהן אַ בלישטש,
פינקעלדיקער כתב־טראַף לאַשטש,
ניט שקרדיק ווי לבנה־שיין,
אום צו דאַרפן,
עלעקטראָ־שטראַלן וואַרפן,
אין די פינצטערע זינגסטראָפן.
וועלן זוניק־ליריש אָנטרעפן —
און אויסדאַכטן, אַז ס'לייכטן,
קומט סאַמע טיף פון נשמה?

## אין דער פּסחא־נאַכט

אין דער פּסחה־נאַכט
היל דיך איין אין א נבלות־טלית,
טראָג ארוים אויסגעציטערט
שטורקאַץ־ליכט צעפלאַקערט מיט פלאַם
סימבאָל־שיין פאַר זעקס מיליאָן
פון קריסטלעך, וויסטלעך גזלנישער שׂנאה
אין מיתה־משונה אויסגעגאַנגען.

שפּאַן אַוועק צו תיפלה־הויז, מיט גלעקער צעקלונגען,
טרעט אַריבער די שוועל,
שטעל די פלאַקערגרוילע קאָשמאַר־עולה
ביים אַלטאַר אַקעגן פאַרמאַטערטן יויז.
זאָל פאַלן אָפּגלאַנץ
אויפן קאָפּ מיטן דערנער־קראַנץ,
און בלענד־באַפלעקטע הענט,
אויסגעשטרעקטע,
צום הימלאָרט פון אייביק לעבן,
מאָרד־זינד צו פאַרגעבן.

בלוטיק־טמא נוצרי־אומה,
געקומען פייערונג אָפּריכטן
צום שתי־ערב געץ,
געוואַלט געשריגן
פון אימה־שממהדיק שעכטן,
מיט אויגן־גלאָץ פאַרשוויגן.

אַ פיבערזיִיקער פון צאָרן
שאַל אויף בּאַראַן-האָרן
אַ טרעוואָגע אין דער חגא —
צו געדענקען די טעג מיט רויך און פייער אַוועק.
שטורעמדיקע ווינטן קענען נישט לעשן;
מבול די ימי-אָבל וועלן נישט אָפּוואַשן.

ביי די נכרים
אַ פחד-ווונד אין די מאַרכן,
זאָל מוראדיק מאַטערן,
שחורהדיק אויפציטערן.

די יעזויִטן
אין כהונה-קלייד,
מיטן בלבולדיקן יידן-געהעץ
וועגן פאַרממיתטן גאָטס-זון,
פרעכער ליגן אין שמייליקע ביכער
חושכדיק פאַרשריבן
וויסנדיק, אַז רוימער-הענט
האָבן אויפן גלגולת-קלאָץ,
זיין לעבן פאַרלענדט.
עבודה-זרהדיק פאַרדאָרבן,
מיט האַס אָנגעשיכורט,
האָבן זיינע מאָנסטער-פּריסטער
אונדז פאַר אַ קרבן,
אויף די שייטערס געפלאַקערט.

מ׳מעג קניען מיטן שולדגעפיל שטום
פאַרן צעצלמטן אָפּבילד
אין דער פּסחא־נאַכט.
ס׳נשמה־ליכט, פון אָבל־שטיבל
אין קלויסטער געבראַכט —
איז אַ זכר־פלאַם רויט
נאָך די אין אומקום
מיט משונהדיקן טויט.

ס׳איז ווערט צו דערמאָנען
רוצחישע זינד
אין בני־הצלביקן שטערן איינגעברענט.

## פון וועלט אַוועק

אַז איך וועל אַ מאָל
צעבראָכן אַלט
מיט שרעק פון דער וועלט אַוועק,
איינגעהילט אין תכריך־פּלאַכטע פון געשיכטע,
אויסגעוווייטיקט און פאַרבלוטיקט
דעם תהו ובוהו דורכוואַנדערן,
קרוע בלוא אריינשלייכן־זיך אין רקיע,
אַ בעל חלום פון שפל־עולם —
וועלן די בני מרום זיך אָפּזינדערן,
מיך ווייכן.

ניט דורך שופרותדיקן שאַלן
וועט מען גן־עדן טויער מיט רחבות צעפּראַלן,
שלומען — אבות ניט קומען,
שׂרפים —
בלענדנדיקע בלומען ניט שפּרייטן,
מיין נאָמען צעקינדן,
פאַרן כסא־הכבוד ברעננגען צו הערן שירה זינגען.
דער, וואָס האָט דערזען די שכינה־שיין,
וועט אין מיינע דלת־אמות ניט גלוסטיקן צו שטיין.

אין לאַנגן זמן־אָפּלויף פון אייביקן וואָגל
וועט ווענס אַ כרוב מיט דער בשורה צופליגלען,
ווונד פון נשמה אויסצוהיילן?
דערציילן, אַז אויף דער עגולדיקער אדמה,

זיצן איצטער באַנאַנדער,
אונטערן הימל אויסגעשטערנט,
חיה פון אַלע סאָרטן,
מיט שאָף און רינדער אין גאָרטן,
האָרכן מיט יראה צום למד־וואָווס
חידושי התורה;
בלוט ווערט נישט פאַרגאָסן,
חיות צעריסן,
מיט סערפיקער קאָסע תבואה און גראָז געשניטן,
כל הברואים אָנצווזעטן.

לעצט צעבליצטער שטורעם עולם־התחתון פאַרלאָזן,
האָט שׂטן אין כף־הקלע פאַרבלאָזן.
פריד איז פון דער השגחה צעבליט,
מיט א זון־זריחה.
ס׳זיצן אומות פארדמיונט אין חלומות,
אונטער בוים־שאָטן, אין רו.
דער נחש הקדמון איז ניטאָ,
עץ־הדעת אַרומצוקריכן,
אָנרייצן די פרות פאַרזוכן.
ס׳טרעטן פרושים פון די בתי־מדרשים,
ביי נאַכט אַרוים מיט מחולות, תפילות און הבדלות,
הייבנדיק אין לופטן ס׳פליקערדיקע ליכט
מיט כביכולס מאורות צו באַהעפטן.

## ברענג מיר דעם פידלער

ברענג מיר חלום פון עולם-אמת,
שלום-פידלער בשעת זוניקן פאַרגליען,
מיט כינור-אינסטרומענט,
ווי אַן אָדלער צו פליען,
דורך בויגן-פיר
אַרויסציען אַ לאַמענט-שיר,
מעלאָדיש אין מוח אַריינגעטרילט
אין בין השמשות בריענדיק אַרויסגעשפּילט.

ס׳גלוסט זיך אַזעלכע פאַרנאַכטן,
תפילות אָפּריכטן
בעת שמש-פאַרגאַנג —
אַ ברען-באַלאַן אין ים-פאַרטרענק,
פייער און וואַסער צעלאָכטן.

די דמדומי-להבה
צעצינדט אין מיר אַ תאווה,
אויף זריחה-סטעזשקע האָבן געגאַנגען,
צום האָריזאָנט ווייטן,
הערן קלעזמער-קלאַנגען כיך באַגלייטן.

ס׳זענען פלאַטער פון נשמה-בענקעניש,
ציטער מאת זון-זינקעניש
און יענעמס פידל-ווונדן,
אין איין יגון-ניגון צונויפגעבונדן.

ס'בויערט זיך אין מיר אַריין אַ שטראַל,
ס'צעוואַקסט זיך די זעל.
ס'ציט מיך פון ברעג ווי א שטריק,
צום ים-פּלאַם — אַוועקצושווימען,
פאַרבאָדן זיך אין שימערדיקן תהום.

די קרנדיקע אָדום-פעדעם
נעמען מיך דורך, פארנשמהן צעאימהן;
דער ראַנד-בראַנד
איז אין נפש-טיפעניש איינגעבלענדט.

ברענג מיר אימאַזש-וויזיע ביים סוף פון מעת-לעת
שלום-פידלער, ווי אַן אָדלער צו פליען,
מיטן כינור אין דער האַנט.
זאָל ער מיט בויגן און סטרונעס אַרויסציען
פון הוילע זמר-כלי אַ לאַמענט,
מעלאָדיש אין מוח איינגעטרילט,
בריענדיק האָבן אַרויסגעשפּילט
אין פאַרנאַכט צעפלאַסן מיט ליכט.
עפּעס איז אין מיר אַ קרובהשאַפט מיט זון,
צו פאַרקנסן זיך מיט איר,
אין פייער-געוויין פאַרגיין,
שקיעה זיך אַוועקשענקען,
אין ים-פלאַם דערטרענקען.

# מיר שוועבן אין לופטצוג פון לעבן

חנה מיינע!
ס׳אונדז באַשערט,ביידע אַרומגענומען,
צו שוועבן אין לופטצוג פון לעבן,
אויף רעלסנוועג,
אַקעגן דורכלויפנדיקע טעג —
אַן אומזיכטיקער רוים־שטראָם,
מאַת צייט־כוואַליעס אַרום ערד.
ס׳וועבן זיך חלומות, ס׳פלאַטערן די נשמות,
ס׳ציטערן אַריין אונדזערע תפילות אין זונשיין,
ביים אויפקום אין האָריזאָנטישן עק־ברעג —
אין פֿילפֿייערדיקע פֿאַרבן אַן עולה־קרבן.
ס׳פֿאַרגליען מיט ראָזעווע ליכט
די לעצטע שעהען פון פֿאַרנאַכט,
פֿאַרשווונדן אַריבער די מערב־ראַנדן אין יענער זייט,
לאָזן איבער גייסטיקע פוסטיקייט.

מאַת אונדזער חיות ווערן די מינוטן
מיטן פולס־שלאָג אין רגעס אויסגעביטן.
היים בתוך בלוט געבוירן,
פינקלדיקע אַרויסגעהעלט,
קאַלט בתוך עבר אַריין פֿאַרלוירן,
אין נעפל־הבל־וועלט
פון פֿאַרשווינד־שדים אַוועקגעטריבט
צו אויסגעבלאָזענע קדם־טעג,
בתוך נצחדיקן זשאַווער איינגעשטויבט.

מיר שוועבן אין גליצוג פון לעבן,
אַקעגן רוים-שטראָם
מאת אַ דורכזיכטיק-ליכטיקער אייביקייט-צייט.

באָרגן אוים אַ זעלשטראַל ביי דער חמה
בתוך פאַרפליענדיקן מאָרגן,
דעכען אַריין אַ נשימה אין גוף —
צו סטייען אונדז אין טראַנסאָפּלויף
ארומווייען יעטוועדע שעה
דערווייטערנדיק פון דאָ-הי.
בעתן שפּינען חי-חלומות,
יאָגט אונדזער זמן-צוג צו די תהום-מקומות,
אַ פאַררויכערטער אַריין
בתוך זוויערן-שפּאַלט ענגן,
ווו עקדישן און שלאַנגען הויערן.
זאָל ביי אונדז נישט זיין אַ צווישן,
בשעת ווערן אויסגעלאָשן.

אויף אַ לעצט-שורה בתוך געדענקשטיין,
איינגעקריצט זאָל זיין:
ביידע לעד,
אין טויט-וויסטעניש פאַרלוירן,
די ש״י-עולמות אָנגעווווירן.

## פאַלשע פירערשאַפט

די מדריכים פאַרפירטע,
גערעירטע אויף סאַטאַנישע דרכים —
פון זייערע צונגען
טריפט אַ שלאַנגען־גיפט.
דאָס כאַרכלדיקע באַרימען,
טוט אויף די ליפּן שוימען,
ווערט אויף לופט־כוואַליעס צעקלונגען —
זיי זענען ביכולת
מיט אַטאָמיש־טייוולישער קראַפט,
די וועלט אומברענגען.

די שיכור־שקר־לייט
מיט פאַרבלוטיקטע הענט,
זענען נישט בלינד
צו דער אויפברויזנדיקער צייט
זייערע רייד — מכשפה־געפּלאַקער —
אויף גרויל־וואָג־שאָל פון איצטיקער תקופה,
אוים וויסטן האַרץ אַרויסגעברענט,
זענען גורם אַ רויכיקע סומאַטאָכע
וועלטס פינצטערע מערכה:
מיטן כלי־משחית עולם שרעקן,
טשאַדען אָן אַ דאַמפּיקע חשכות,
שלום שוואַרץ פאַרפלעקן.
גאַליק צעפרעסן מאַת זיך אַרויסכעסן,
אין אויפגעשטורעמטע ערטער,
דורך ווערטער שטומפּיקע —
אָנגעהייצטע משוגעתן.

קערט אָפּ פון די מדריכים אויף סאַטאַנישע דרכים!
זיי זאָגן צו מיט געטומל
שלווהדיקע רו,
זונליכט, ס׳לבנה־טעלערל פון הימל,
פּערלמוטער און שטערן־פליטער מאת הויכע ספערן
געבראַכט.

די דעמאָן־לייט מיט שקר־רייד,
דורך לופטכוואַליעס פאַרשפּרייט,
אין יעדן הויז געהערט,
פאַרשפּרעכן גן־עדן אויף דער ערד.
פון וואָלקן מילך געמאָלקן,
פלאָדנברויט אין פּוטער געבאָדן,
עפּל, פלוימען און באַרן,
תבואה, רייז, האָניקשפּייז,
גילדענע טרוימען,
פליגל־פלאַטער צו די רוימען,
מיט פלאַמוואָרט מאַסן אין קלעם פאַרנאַרן,
די רעטער — גלויבן,
און ווי געטער — לויבן.

## חשמל־מאַרשאַלן

חשמל־מאַרשאַלן!
אייער וואַנדאַל־השׂגה
שׂכלדיק דערגאַנגען.
אין אַ רגע מיטן משחית־זדון אָנגעלאָדן,
אַ פייער־גולם,
חיות־עולם אומצובערענגען.

ערד מיט חשכה צערויכערן,
זריחה —
מיט אַ סאַזשענדיקע כמאַרע פאַרשחורן.

אַ מאַדים — בן־אָדם
פון ווייטן פּלאַנעט
זאָל אַ מאָל אין אַ דזשעט אָנפליען
מיט פאַרכאַפּטן אָטעם פון פיין,
אַ פאַרלוירענער דערזען:
די זון,
אין אַ וואָלקנדיקן מאָנסטער־מויל גליען,
וואַרפנדיק אַ צונטערשיין
אויף מדבר־היקער
כדור־האָרץ־צווינטער,
אין זינען איינבית־עולמען,
מיט שווידערקעלט ס׳גרויליק בילד.
אין שממה אויסשפּרייט,
קריקאיילן,
מיט אימה דערציילן

פאַר זיינע לייט, :
געפונען —
ערד-סקעלעט
עראָזיש איינגעפאַלן,
ווי אַן איינגעטריקנטער סאַטעליט,
וואַנדערנדיק אין רוים אַרום.

גענעראַל-וואַנדאַלן !
ס׳יערן אין אייערע געהירן מחשבות
פון די מזיקים-אבות,
אַ פערמענטירטער כעס-חולאַת,
נחשות — רשעות אין שאַרבן,
די ערד פלאַקערדיק פאַרדאַרבן.
אייך טרייבט דער רוח
צו האָבן אַ רויט-רויע זון-וווּנד,
פון אַ כמאַרע אַרויסגעברענט,
נאָך די מיסל-שלאַכטן, חרוב-ערד,
אַן אייביק פינצטערע צעשטערט.

## זאָל פאַרצייכנט זיין

זאָל פאַרצייכנט זיין
אונטערן הימלישן אויסשפרייט
אויפן שער־בלאַט פון זכרונדיקער צייט־אייביקייט,
איינגעכתבט אין אַ פייערשריפט —
מיין רחמים־תפילה, ווי פון יחידי־סגולה,
וואָס שטרעבן
אוים שטויביקער אפלה זיך דערהייבן,
בבחינת שכינה זיך דערהייכן,
מיט פרישה און דרשה
גרייכן אור קדושה.

פרווון וועלן דורך איר אחרית־הימים דערנענטערן,
ווי די אנשי־תמימים, למד־וואָוו,
זייענדיק מסגף־גוף,
פוסטן גלוסט אַרויספאַסטן,
פייניקן און מונטערן,
ס׳חלשות־הלב מיט שם־הויה־רוף.

ווערטער נשמהדיק צעצונדן,
די חבלי משיח אָפצובינדן,
קרע זיין דעם שולד־אָפהאַלט
פון צו ברענגען די גאולה צו דער וועלט
סטרא־אחראדיק פאַרשממהט,
איינגעטומאהט:
ס׳איז נאָך פאַרבליבן אין כף־הקלע פייער־שאולה,
דער אשמדאי־גזר,
בלוטיק איינגעוויסטער גלות־צער.

זאָל אויף דער בלאָער יריעה,
פון רקיע מיט בליצשײַן פאַרהתמעט זײַן
מײַן בענקשאַפט, כביכול־קראַפט אײַנגעטיפט,
ווי מאת די וואָס גלוסטן די נהרה צו דערלאַנגען,
עבודה־זרה־וועג אויסווייכן,
גערן צו אלהייליקייט זיך דערהייכן,
מיט שיר־רינה אַ זעל־נגינה
אין אַ פלאַטערניש אויפגעגאַנגען.
האָפן אויף משופע־וועג אָפּטאָן,
ווי אין טרויערזעק־קלאָג,
די פאַרלויפנדיקע טעג.

האַרצנס־וווּנד ניט אויסגעברענט,
צאַנקט ווי אײַנגעשאָטנט אין גסיסה,
אָן אויפפלאַקערנדיק ליכט —
צו זון־פאַרנאַכט, וואָס זינקט,
איידער חשכה די זריחה צעשטערט,
אײַנטונקלענדיק די ערד.

# קלאָג

פון ציקל איציקל בעל מגיה

ווי לאַנג נאָך וועסטו,
אָדון פון הימלישער הייך,
ליכט פאַר מיר קינדלען —
כ'זאָל טאָג און נאַכט
דאַרפן וואַנדלען,
בתוך פינצטערער שואה, פון עולם התוהו,
אַן אָבל אין נעפּל פון מענטשן־רויך,
וואָלקן־שלאַנגען,
פון ברען־אייוונס אויפגעגאַנגען?

איז דיר ניחא מיין קלאָג,
צעברויזט מיט יללה און קללה־ווערטער,
פון וויסטע חרוב־ערטער,
ווו תורה האָט געהויזט?
מערקן ארון־קודש־שפּין אין לופט שוועבן
ביזן עמוד און קריק,
פון פּאָוויאַטינע אַ משיח־בריק וועבן?

וועט עמעץ מיט אויפגעטרעסלטע געהירן
מאת שוידערדיק שרעקן
געזאַלבטנס ווונדן אָפּבינדן,
דעם בעל־חלום איבערן בית־עולם פירן,
פרעגן:
פון אַש און פּראָך,
איז מיגלעך מתים אויפצווועקן?

דער נזיר — נישט געשוירן, פאַרנאַרט,
אויף אַ שבעה־בענקל אין דער טונקל,
אין אַרמילוס־מפּולת
טוט הויערן,
קראַצט ס׳קרעציק לייב,
אויפן עת־רצון וואַרט.

איבער די קברות־בייטן,
מיט ווילדגראָזן פון ווייט אָנרייטן,
צו שוכני עפר אַ תרועה לבטלה אין שופר־בלאָזן ?
אַזוי לאַנג מיר איז ניט באַשערט,
אין דער ערד איינצווזינקען —
זאָל ער אויך אַרומבלאָנקען,
איבערן טויטן אָרט
נע־ונד אַרומטראָגן,
אַ הויכן קדיש אַרויסזאָגן.

מויל מיט גאַל פול —
ס׳טוט דוכטן ווינטם אָנווייזן צווישן טויטע,
אות־גרייזן — מיר חוטא
מיט פעדער און טינט צו פאַרריכטן
מאת ספרים, צווישן געוויקס אָנגעווילדיקט,
פאַרגוואַלדיקט.

צדיקים גמורים,
פאַרשוועכטע, אומגעבראַכטע,
ביז לעצטער מינוט פון חיות־געדויערן,
דעם גלויבן נישט פאַרלוירן,

זאָלן פון די פלאַמען
אויפקומען,
ווילדע ווייען אויפשרייען.

רבון דעלמא!
אָן דיין רשות
ווערט קיין ווונק מיטן אויג ניט געטאָן.
ווען שולד איז דער פאַרוואַנדל,
אין מחבלים, האַק-און-מעסער-געזינדל,
בעלי משחיתים,
מיט כלי-מאָרד אין האַנט?
ס'מוז דאָך זיין ערגעץ קעגן חלחלהדיקן אויסשעכט,
אַ בית-דין פון רעכט
מיט אַ גריזשענדיקן פאַרדרוס
צו מעגן פרעגן: פאַר וואָס?

כ'וואָגל איבער ערד-עגול אומגעוואַשן,
אָן אמונה,
רעד פאַר פייער און וואַסער אַ קויטיק מוסר-לשון.
שי-עולמות אָנגעווירן,
גיהנום-טויערן זענען צעפּראַלט —
אין גליענדיקער סאַזשע
ס'אפּיקורסישע דראָזשען, אַרויספּראַזשען.

אויף אומוועגן
טרעף איך אָן,
אַרום אָנגעשייערטע שׂרפות,
מכשפות, איינגעדושעטע אין רויך,
וואָראָזשענדיק הויך איבער בייכיק-קאָביקע
קעסלען. —

טיילן אוים מיט פרייד צו בייזע רוחות-לייט
פולע שיסלען שפּייז,
פון צעהאַקטע אָנגעבראָקטע מייז.

וואָס מאַכסטו מיך אַרומגיין איינעם אַליין אין אימה,
אַ צעשוויבערטן איבער דער חרם-וועלט.
מיט פאַרבלוטיקטע פּים;
אין מויל — שלאַנגען-גיפט,
פון טיפעניש אויפגעגאַנגען.
צו וואָס פרוווסטו מיך מיט אַזאַ נבול-פה-שמועס?

כ׳טרעט איבער חרוב-שטעט.
שדים לודערן אַרום אין מדרש-הויז און כריוקען.
וואָראָנעס אויף די ביידעם שווידערן,
ציפּן פעדערן און קראַקען.
פאַרן שתי-וערב קלויסטער-גלעקער קלינגען.
גלחים זינגען פאַר דער מאַמקען מיט רחמנות-בליק
אויפן שראַץ-יויז אין איר שוים.

ס׳מאַדליען די, וואָס האָבן קעפּ געשפּאָלטן,
מיט האַק אין בוזעם באַהאַלטן.

ווי לאַנג נאָך וועל איך זיך אַרומשלייען אַ ווילדער,
מיט אַ פלוך אין די תוהו-פעלדער,
מיין שׂנאה פאַרזייען.
אין רויך-נעפּלען ארומאָבלן?

דאַרף איך אין געדאַנק,
אַריינגעמען ס׳ברען-געשטאַלט —
אַ שעלטנדיקע תוכחה אַרויסזאָגן?

איך דער בעל־מגיה,
געטריבן איבער דער שואה,
אַ תוהו־ובוהו הורג־פעלד —
וואָגל מבולבלדיק צעדולט,
אַ געיאָגטער אַלט און גראָ,
אויף וואַלדוועג און שטעג.
ס׳פּאָלגט מיר נאָך,
ווי אַ רוח־רע,
אַ קראַקנדיקע קראָ,
מיט צעפּאַכעטע פליגל.

ווי לאַנג
וועט גיפטיקן אין מיר די שלאַנג?
די ערד נעמט מיך ניט צו.
כ׳לעכץ נאָך אַ ביסל רו.

## ס׳קען געשען

ס׳קען ווענס געשען:
דמיונדיק בגילופין צווישן די שטערן,
אין טיפֿער בלאָקייט איינגעימט,
וועט פּלוצעם מיר סקוטשנע ווערן,
פֿילנדיק אין די ספֿערן אימהדיק פֿרעמד.
זען פֿייער־באַלאָנען —
גלימצערדיקע זונען
אויפֿגיין אין רוים,
אָרביט אין רקיע זיך באַנען,
זינקען אין אַ תהום.

שוין מיד דאָס אַרומבלאָנקען אין הימלישן רייך
פֿון דיין כוכבים־געמאַך
בתוך חללדיקע אויסהוילן און טאָלן —
ווייז מיר אַדוישעם, דורך אַ זיילשיין,
אויף קאָסמישן שליאַך, נאָענטסטן גאַנג צוריק אַהיים;
שיק אַ מלאך דעם לאַנגן הילוך,
מיט אַ קפֿיצת־הדרך —
צעלאָכטענע גאַלאַקסיס דורכצושפּאַנען,
ווערט זיין דערציילן אויף דר׳ערד
וועגן דער שמימדיקער הערלעכקייט,
איינגעפֿורכט אין דער ווייט.

כ׳האָב געזען:
אין אומענדלעכע וויסטאַס פֿון די אין־סופֿן,
דאָרן־קוסטעס מיט אייביקן געברען
קדושה אַרויספֿלאַקערן,

גליענדיקע האָריזאָנטן —
מיך פאַרגאַפן, איינשיכורן;
אין מרום-ערבה אש-לֶהבה מאָנומענטן,
אָפּבילד-געשטאַלטן פון יהוה —
הוד, יסוד פון דער וועלט.

בליץ-בלענדיקע חיות-פלוסן,
דעת-טייכן, פערלדיק זיך צעגיסן;
אין אַ יראת המקום
בתוך הייכן פון מרחקים וואָגלען,
הון דעלמא איינצושפּיגלען.

פאַר געגלאָצטער ראִיה צעשפּילט,
אויפגעבליצטע שקיעה-שטראַלן,
פון נעבולאַ אַרויסגעגליט,
ווי פלאַמיק שטראָמיקע שטורמיקע וואַסערפאַלן,
ראַפּטאָם מיט גליענדיקן שוים,
בעת מיין הויערן,
ווערן האַסטיק איינגעפרוירן.
סודות אלוהים,
ווי רעפלעקסן פון אַ זונם פלאַקערדיק שיינען
פאַר בעלי-רעיון דערוואַקסן און ראוי
אַרויסצולייענען אותות נפלאות,
וואָס שימערירן מיט אילערליי בלישטש-קאָלירן
פון בריאת העולם,
צעהעלט אין אַ חלום.

כ׳גאַר האָבן פֿאַרשריבן
די יהי־אור־זריחה פֿון השגחה
אין אַ פֿינקלדיק לשון — פֿון בראשית־עשן —
אױס כאַאָס טיפֿן אין אַ געאײנערט בת־קול
אַרױסגעדונערט.
כ׳האָב אַ הײליקן טריל־און פֿלאַם־געפֿיל
אין די בײנאַכטן בײם לעמפּלדיקן שײַן,
אױף פּאַפּיר איבערגעגעבן דעם נפֿש־זאָד,
װי אַ געװײן הײם צעטאָפּעט אין מיר;
דורך נשמה־עברי אַנטפּלעקן פֿאַר אינטימער חברה
ליכטלעכע בראַנד־קאָנגלאָמעראַציע,
עמאָציע־בראָט בײ זײ צו װעקן —
אין די מעשׂי־אלוהים זיך פֿאַרטראַכטן.

ס׳קען גרײלעך טרעפֿן:
בעתן אַרומשיפֿן אין די גראָע
און בלאָע טיפֿן
פֿון די גאַלאַקסים מיט מיליאָנען שטערן,
װעל איך אױף ברײטן הימלרײַך־שליאַך
מיט די חללדיקע אױסהױלן זיך אומהײמלעך דערפֿילן,
רופֿן מיך צוריקצופֿירן
פֿון װאַנען געקומען,
בתוך אײבערשטע רױמען
טועהדיק ניט צו אירן,
אין גלימער־תהומען אײנגעימט,
טאָמער עלנט־פֿרעמד,
מיט יראה און מורא
אין װײַט־פּוסטקײט,
זיך ניט דערטרענקען.

צו וואָס בטלדיק אַרומשוועבן
אין הויך־וועלבנדיקע ספערן,
און ניט האָבן פּראַכט
פון די מאורות לדור דורות פאַרשריבן;

זיך און אַנדערע מתקן זיין
דורך איבערגעבן
פון צעוואַקסן האַרץ
די רעפלעקסן פון סעלעסטיאַל־שטראַלן,
מאת פייערן, וואָס טוען זיך,
מיט מדבר־קולות
אין פלאַם־בהלות צעשאַלן;

עקזיסטענץ־אָפּגלאַנץ
פון אייביק לעבן —
אַלט־פאַרלוירן
און ניי־געבוירן
אין אוניווערז —
האָבן אויף תמיד פאַרנשמהט מיט בלאַנקן פּערז.
אין אַ להבה צום זכרון לעדי־עד,
דאָס מרכבה־ווערק פון גאָט.

אַ שעפּטשנדיקע תּפילה זיין ווערט צו ברענגען,
פֿאַר יחידי־סגולה אַרויסצוזינגען,
אַרומבלאָנקענדיק אין גולה
אויף דער ערד.
אָנלאָקן,
הכנעהדיק אַרויפֿצובליקן,
צו הקדוש ברוך הוא
און אין זיין שאָטן,
פֿון צייטן פֿאַרפֿלאָכטענע,
געפֿינען אַ צעפֿלאָכטענע,
שלווהדיקע רו.

# אַ גערעווע אין דער ערבה

פון ציקל איציקל בעל מגיה

אויב מיין אומפּרום געקריג מיט שם אַדוישעם
איז ניט גערעווע אין דער ערבה,
געוואָי פון אַ בלודנע הונט,
צי ווי פּלעווע צעפלויגן אויפן ווינט,
געקלאָג אַרויסגעדברט,
אין די אַנגסטן פון פאַרשוווּנדענעם טאָג —
שטעלט זיך מיט קינה
קעגן זיו־השכינה,
אַ ריב־יללה־שאלה,
פאַרן בית־דין של מעלה —
ווי לאַנג מיך נאָך האַלטן אין גוף,
פאַרמיסטיקט מיט זינד,
איינגעפּראַסטיקט בתוך שברת־הלב?
צער, גאַל און גרויל
שניידן איין אין וווּנדיקן גלי
אייז־זאַפרענדיקן ברי.

אַ רוח טראָגט מיך פאַראַבלט
איבערן איינגענעפּלט קאַלטן בית־עולם,
מיט גולם געשטאַלטן
ניט פון חומר בצלם־אלוהים אויסגעקנעטן —
סקעלעטן, צווישן ביימער צעצווייגטע,
שטאַרצן מיט עגמת־שמאַרצן, איינגעשווייגטע.
ברואים נוראים אָן אַ תיקון.

כ׳וועד כסדר
מיט פאַרטערפנעטע חושים
איבער איינגעערדטע צעשטערטע בתי־מדרשים
געטריבן,
קריליק־פעדער איינגטונקען, אין מימי הנפש,
אָדום־טינט, אין די אָדערן צעברענט,
שפך חמת פון האַרץ־בראַך האָבן פאַרשריבן.

אין תוהו־ובוהו־שואה,
ווו שחת־זאַווערוכעס
מדבּרדיק וויסטלען,
שטורעמפייגל פון ווייט געוואָגל,
שוואַרצע קאַוועקעס מיט נאָכגעלאָזטע פליגל,
אויף גאָרן־הויכע דאָרן־צווייגן נעסטלען,
די קאָרע גריזשען,
— שפּייזן זיך מיט מיאוס געדוכנדיקע,
קריכנדיקע ווערעם־פּיאַווקעס,
וואָס פּוזשען אַרום,
ס׳קברים־זאַפּט אויסצוזייגן.

פים אָנגעדראָלן,
פון אַרומגיין אויף גרידעס שטיין,
צעשפליטערט, איינגעשוטערט איבער דרכים
און שטחים,
כ׳טו זינקען אין מאָטשאַרעס
פון יאַשטשערעס און שלענג,
מיט אדם־דם אָנגעטרונקען.

איז ווּ אין אַ קרקע אָנגעגרייט,
ווערט פאַר מיר צו רוען —
נאָך פּטירה אָפּגעבן אַדמה דעם גוף,
נשמה פאַר כפּירה־רייד, פון מחבל באַגלייט,
בתוך גיהנום צו פאַרגליען?

כ׳וואַנדער אַ בלינדער אין כּף־הקלע־אפלה —
אַ פאַרזעעניש, בלאָנדזשענדיק אין שממה,
מיט מאַמרות־מרירות אַ בעל טמא,
טו אין עפר ואפר זיך איינאַשן,
פון פלאַמען אומגעקומען —
זעל־ברען ניט צום לעשן.
אין יסורים קלעמען,
ציין פאַרטשעמען,
שפּאַנען איבער הרים.
מיט דברים אויסגעדראָשענע
ציילן אויף בוים־תליות,
צעוויגטע בריות,
און חיות פאַרלאָשענע.
זוכן אומגעדאַוונט דעם טויט
אין גיהנומדיקן אָוונטרויט,
מיך איינצוטונקלען.

אויב צום שׂר השמים מיין געקריג
איז ניט אַ געוועוע אין דער ערבה,
ווי פלעווע אויפן ווינט,
וויי־געוואַי פון אַ הונט,
צו די שטערן וואָס פינקלען.

מיינע מאַמרות מרירות,
פון שברות הלב אַרויסגעזאָגטע,
וועלן ניט זיין פאַר דיר, בורא־עולם,
ווי להבדיל פאַרן צלם,
דברים בטלים פון גלחים.
וועסט מיין געקלאָג־אויפטראָג
דערהערן
בעתן אָפּשטעמפּלען די לעצטע שעה
פון ווערן איינגעזאַמלט צו די אבות,
אַ ליכט צעפלעמלט לאָזן צאַנקען
אין נאַכט פון אייביקער רו.

איך טו ניט תהילהן, תפילהן,
נאָר אַ היים געוואַי
קעגן דיר, הימלישער האַר,
אַרויסבילן,
צעשריגענע יסורים
איינצושטילן.

## צעוואָלקנטע פינצטערניש

דעמאָנישע השגחה
ווינטיקט אַן קלאָג,
צעמבולטע חשכה,
פֿאַרמחבלט די טעג,
גליווערט איין שרעק.

אַ פחדנות־פיין פּלאָגט
בעתן שלאָף און אויף־זיין,
ווי פֿון אַנגסטן־ווערעם,
די געדערעם גענאָגט.
שׂטן־געשטאַלט
צעשטורעמט איבער דער וועלט,
שיכורט אַן מלחמה־משוגעת,
צעפֿלאַקערט אַ מאָרד־חולאת.

פֿון שחת
צווישן ראַצן, ווי טויטע הויזן
און רוחות פֿאַרפֿלוכטע טאַנצן,
שפּראָצן אויף פּאָספּאָריש צעשוועמלטע,
משונה־געדיכטע פֿלאַנצן,
רויזן צעפֿלעמלטע
מיט אַן עיפוש־ריח צערויכערט
אַ מתים־סם אַרויסגעהויכט.

אין דעם ערפל־ווירבלדיקן געיעג,
איך דעם אל־עליון פרעג:
דאַרפן מענטשן זיין
ס׳כליון־געזינדל,
ס׳צינד־שפּענדל
פון פייער־געוויטער, שייטער צעברענט,
גיפטיקע פייל פון ס״מס בויגנציל,
אויף קריג־בימה
באַגנעט־מאַריאָנעטן
אין אַן איינגעדמטן מאַרטאַל־שפּיל
טייווליש אויסגעפירט?

ס׳ווימלט אויף אַ פאַרשימלט פוילעכץ,
עיפּושדיקער איבל פון עפּר־געשווילעכץ,
מיט אלף־אלפים הרוג־גופים.
פאַראומווירדיקט, ניט באַערדיקט.

פאַרצוק־עופות מיט קראַ־געשרייען
קענען דעם נשך פון טריפות ניט פאַרדייען.
מיט שרעק־צעפּאָך און געקראַקעריי,
פליגלען צו די הרי־חושך אַוועק.

דאַרף מענטש זיין,
פלאַמפייל אין ס״מס בויגנציל,
דור נאָך דור — אַקטיאָר אין טייוולשפּיל,
אין חשמל־געוויטער,
ס׳ברען־מאַטעריאַל אויפן שייטער,
ס׳צינד־קנייטל פון פולווער־פאַס?

## אַוועק פון די אָסיענדיקע טעג

— געליבטע
לאָמיר אַוועק פון די אָסיענדיקע טעג
מיט שאַרע־פּאַרע געשוויץ און בליץ
אין וואָלקנס איינגעטריבטע.

קום אַרויס פון ערד־תּחום,
בלוטיק איינגעטרערט,
סאַטאַניש פאַרטומלט.
מירן זיך פאַרנעמען בלחוך־השור
אויפן קאַיאַר־וועג,
זוניק צעפלעמלט.

צעפליגלט אין רוים
וועלן מיר וואַנדלען אויפן שליאַך
אין אייביקער זריחה
צו די ארבע־פינות צעשטעגלט,
ווו די אבות זענען פאַרגאַנגען,
ערגעץ אין מרום איינגעהייכט,
מיט קול־רינה,
באַשטראַליקט פון דער שכינה.

בלאָנדזשען אויף די שמימדיקע וועגן,
אין די מרחקדיקע שטחים,
מלאָכים פרעגן:
איז דאָס דער אור־אלוהים,
די קדושה און חידושי אַדוישעם,
וואָס טוען אין אונדזער בליק אַריינלייכטן,
ברענגען אַ געהיימע חביבות אין נשמה?

אור־דורות־זמירות זענען צעזונגען דאָרט
צו די, וואָס זענען זוכה מיט דער ראיה און שמיעה
אין גאַנג דערלאַנגען דאָס הייליקע אָרט.

גערליבטע —
לאָמיר אַוועק פון די אָסיענדיקע טעג
אין וואָלקנס איינגעטריבטע.
ערד איז בלאָטיק־בלוטיק איינגעטרערט,
סאַטאַניש פאַרשימלט.
קום אַריבערשפּאַנען דעם תחום
פון נעפל אַרויסגעהילטע
שטייגן אויף שטרויכלוועג
צו די פייערבערג, כביכול־ווערק.
נהנה־זיין מזיו השכינה,
ווערן איינגעשבתט אין שלווה
און פאַרדרימלען אין אַ חלום
פון קיום העולם —
חנה מיינע.

# כ׳שטיי ביים אָקעאַן־ברעג

פון ציקל אינדיע —
ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

כ׳שטיי קאַיאָר ביים אָקעאַן־ברעג
מיט פאַראומערטן בליק
קעגן צעלויטערטער זון,
פון בעי אַרויסגעוואַשענע,
בענק נאָך פלאַמענדיקע טעג,
מאת ים־זריחה אויפגעשוווּמען,
אין פאַרלאָשענער שקיעה אומגעקומען,
שוין פון לאַנג אָן,
אילע אינדערפרי,
לעכצנדיק צו דיין אָריענט־היים,
אויך דו גאַרסט,
ביים טאָג־אָפגאַנג,
ס׳געבעט במרומות צו דערהערן.
מיין שטיל שעפטשען
איז נעילה־תפילה, ווי דיינע,
כאָטש דאָ איז שחרית־אָנפאַנג —
שאַקונדראַ.

דער אָדלער אויף פעלדזן־נעסט,
איידער די פליגל מיט גלוסט
אין שווונג צעשפרייט
מעסט מיט אַ פאַרזשומערט אייגל די ווייט:
צי וועט סטייען צייט דערפליען,
בתוך צעפאַליעטן האָריזאָנט אריינצוגליען.

מיין גורל איז פאַרזיגלט,
זעל — אַ געבונדענע,
קען איך האָבן צו דיר שנעל געפליגלט,
בעתן אויפטאָגן צעצונדענע טייכן גרייכן,
אַריבערטראָגן זיך מיט רויזן-מתנה
פאַר דיר, צו יענער זייט ווייט,
ווו ס׳בליסקען איצט שטערן און לבנה
אין אינדישן פאַרנאַכט? —
שאַקונדראַ.

כ׳טראַכט:
וואָס טויג מיט פייכט אויג
קומען צום טאָגס אויפפלאַמען,
בענקען, איינגיין פרי —
אַז דער ראַנד-בלענץ איז אַ מחיצה צווישן אונדז?

אפילו דער אָדלער, געבענטשט מיט פלי,
קוקנדיק צום אויפשיין, באַוועלטיקט פון לוסט,
איידער די פליגל צעשפרייט —
מעסט זיין פאַרזשמורעט אייגל די דיסטאַנץ
איינגעבלויט,
צי וועט סטייען צייט,
צו דערפליען,
אין האָריזאָנט-רוים אַריינצוגליען —
שאַקונדראַ.

ס׳ציט אַהין, ווו ס׳איז צעליאַפעט די זון
אַריבער דעם פלאַמטייך,
דאָרט אין בונטע טיכער טרעפן דיך.

ווײַס, ניט קיין פּולע אײַל איז מײַן שפּאַן.
שלאַבריק כ׳קריך.
אַפּגעהיט קעגן שטרויכלשטיין
זענען די טריט, וואָס איך צייל.
זײַ מוחל —
וויפל איך זאָל נישט האָבן מיט אהבה
דיך אין מחשבה אײַנגעטרוימט,
ווען ביז צום אַהינקומען
אײַנלעשן די פלאַמען,
עת־רצון זײַן פאַרזוימט —
שאַקונדראַ.

איבערן האָריזאָנט השגחה־האַנט
האַלט וואָג פון צײַט,
שאָל אויף אַקסידענטישער זײַט,
איז באַלאַסטיקט מיט כאור־שימער;
אין אָריענטישער —
ליגט אײַנגעוויגט בין־השמשות־דעמער;
ציטערנדיק גראַנגל צווישן ליכט און נאַכט.

ס׳רויזן בינטל פאַר דיר —
מאָרגן־פּרי פון זונפײַער צעצינדט —
דײַן מערב־סעפּיר־ווינטל גלעט,
כאַפּט אויף מײַן געבעט
און פאַרשווינדט —
שאַקונדראַ.

# עלנט

עלנט —
ווי דער נוטה־למות,
פאַרלירנדיק בטחון
אין ביאת המשיח —
זעט דעם גואל־ישׂראל אין דלד־אמות
אין ארמילוס * מפּולת,
אויף ערד, יסורימדיק באַשווערט —
גוף מיט טריפוווּנדן,
פון קטב־מריה * *
אין בין־השמשות —
רשעות־שטריק געבונדן...
וועלט, נאָך דער שואָה,
איז ניט גאולה־ראָוי.
שׂטן און לילות־סוטה האָבן איבער איר שליטה;

ווי דער פּיפּיאָ־פויגל אין וויסטע,
אויף אַ דאָרנבוים־צווייגל,
קרילעס צעשפּרייט,
קוקט צום שיין בעת זון־פאַרגליען,
שוויפּטשעט אַ געוויין:
ווּ אין תוהו
אָן היים
אין געוואָגל ווייטער פליען?

* שומר־שד
* * שטן

עלנט :
ווי אין ציה-גריבער קעמל-טרייבער
נעבן מדבר-בהמה, —אַ געפּאַלענע אין זאַמד,
דערפילנדיק סוף אין סאַהאַראַ-שממה,
באַטראַכט דעם האָריזאָנט
מיט שקיעת-החמה צעפלאַמט :
ס'זאָל כוח סטייען
צום אַאַזים זיך דערשלעפּן,
איז זיין אַללאַ-תפילה, הימליש געווענדט, —
מיט וואַסער קילן זיך אָנצוזופּן.
וואָרן חיות-רעה, שפּאַרבער, קראָ און קאָרשון-עוף,
הויערן און לויערן אויף נבלה-גוף ;

ווי פישער-יונג אויף פאַנגשיף,
איבער כוואַליעס אויפגעוויכערטע,
— בעת זי זינקט אַ צעלעכערטע,
באַגרייפט ס'געווויסערדיק פאַרשווימען,
אין קבר נאַסן אומקומען ;

ווי אַ מאַמע
מיט קינד קראַנקן
אין איר שויס,
בעת ז'צאַנקעןביידע אויס,
אַנטלאָפן פון מלחמה,
זיצט מיט טאָרבעזאַק פאַרשטיינט,
ביים עק פון וואַלד אויף אַ פניאַק ;

ווי אַ בעל־נדה אין גסיסה
מיט צעפּיבערטע בלוטן
אַ שווערע מיתה,
שעפּטשעט אַ ווידוי,
שלאָגט זיך על־חטא
פאַר עפּעס אַ זינד,
און ניטאָ קיינער נעבן בעט,
ווען פּיין ווערט איינגעשטילט,
ביים ציטערדיקן אויסגיין,
בעת טויט פאַרשליסט אים דאָס אויג.

עלנט:
ווי ווינט־געוואַי מיט פּראָסטיקער קעלט,
צעוויטערט איבער די מדבריות פון וועלט —
איז מיין דאָ אָפּזיין,
אַ צעפלויגענער אין רוים.
כ׳פאַל מיד
פון הימלישן טרוים
טיף, טיף, במחשבה אַריין,
אין דעם אָן שיין, אומגעפּאַרשטן,
פון חשמל באַהערשטן לאַבירינט.

## ווּ זיך אַהינטאָן?

די פייערן פון שאול
וואָלטן מיך אַזוי ניט געברענט,
ווי דאָ דער גיהנום צעצינדט.

פון גרויל־טעג בלוטיקע געבוירן,
אויף ערד,
ווערט הארץ פאַרפרוירן.

ווּ זאָל איך גיין —
ניט צו הערן,
מיט ביטערניש אָנגעזייגט,
אויסגעווייטיקט אין טרערן,
דעם שמע־געשריי,
אימה־שטורעמדיקער אויפברויז
פון נשמה־טויטלעכן אויסלאָז?

אַ מאָל, נענטער צום רבונו־של־עולם,
האָט מען מיט לירע
אין אַ לבנה־חלום־שירה
אַריינגעשוועבט,
אַ געדיכט מיט אירע שטראַלן פאַרוועבט.
איצט, בילדער פון דאָרט געשיקט —
פינצטערער פון סוף־חודש־נאַכט.

אומקום-אָרט! אָטעם שטיקט!
ווּ זאָל איך זיך אהינטאָן,
ווּ קערן אונטער דער זון?

איבער ניט-געצוימטע שטחים,
צו די שטערן פליען?
קריג און באַטרוג צעפלאַמטע שעהען,
צעגערנדיקע אָקעגן גליען.
כ'בין איינגעהילט אין תכריך-לײלעך
פון וועלט — באַקלאָג, פאַרשעלט
אין וויִיטן מהלך מיינע אָפּגעלאָפּענע טעג.
אויף וועלכע משיח-דרכים ווּ פּרחים וואַקסן,
לאָזן זיך גיין, געוואַלט-געוויין ניט צו הערן?
אין יסורים-טרויער — זויער ניט פאַריערן?

ווּ זיך טראָגן, אַלט און גראָ,
צו אָ יפה-עתיד-תקופה —
אָ חסד-חסיד אין שבת-רו,
מלאכים, קדושה, ברכו נאָכזאָגן?

# ס׳קען טרעפן

ס׳קען טרעפן:
אין פלעצער, ביי רשעים־טמאים,
באַזיצער פון אַ טייוולישער מאַכט —
אַטאָמישע וואָפן,
זאָל האָבן אַ שגעון אויפגעוואַכט,
רציחהדיק צעזידט
און איבער ערד, מלחמהדיק צעגליט,
פאַרמבולט מיט בלוט,
צעוויכערן
אַ פייער־זאַווערוכע
שוידער־בהלה,
היראָשימאַ־מהומה,
אין ברען־בלענדיקע פאַרבן —
צום אַשמדאי אַ קרבן.

אַ גרויל־געוואַלט פון יאָמער־טאָל.
שיפּענדיק־כליפּענדיקער צער.
אין אַ נעפּלדיקן אַרויפשפּאַר,
דונערדיקער געשריי פון פאַרלענד.

ס'קען טרעפן:
די מענטשלעכע מלאכי־חבלה,
קריג־הייצער, אַטאָמישע וואָפן־באַזיצער,
וואָס סטראַשען
מיט פייער־קללה, אין אַ שממה
אדמה־לעבן אויסצולעשן —
מאת אַ שרעקלעכן חלום דערוואַכט —
פאַרשיכורטע פון אַ צעשטערעריש משוגעת,
זאָלן אין כעס,
אַ צעפּלאַקערטע שלאַכט צעשפּענסטערן,
דורך נוקלעאַרן פלאַם־צעצינד,
ערד איינפינצטערן אין אייביקער נאַכט,
אַ פאַריללהטע פון ווינט.
צום בליציקן אויפשיין,
מיט שאוליש כריפּען,
וועלן הימלישע שטערן עדות זיין,
ס'רויט מיזעראַבלע אָבלע טויטליכט איינזאַפּן,
צו האָבן געצוג זריחה,
די חשכה־ערדקויל,
פון וועג אָפּגעווייכטן,
מיט אַסטראַל־רעפלעקסיע צוריק באַלייכטן.

## עד מתי?

פון ציקל איציקל בעל־מגיה

ווי לאַנג נאָך אין מיר חולאַת־פיבער הייצן,
מיט בלוטיקן משוגעת נערוון רייצן,
בייטשן אונטער באָרוועס־טריט
אויף קברים־גריבער,
גיהנומדיקע פייער־רוט?
ס׳ביסל אמונה,
בעת אַרומוואַנדערן אין תוהו איבער שואה,
פון נשמה אויספלינדערן?

לאָזן מיך הויל, מיט גרויל־געוואַי פון אַ הונט?

וויפל מחשבה־דראַגונען אין דרך לאַנגן
דאַרפן אַ ווונד איינבייסן,
דמיון־קראָען — מיט נעגל דראַפען,
צווייפל־ווערעם־צעפרעסן,
רוח־רע־פיאַווקעס — גיפט פון מיר צאַפּן?

אין געפּלאַצטן אָדער־פּלום טונקען פעדער,
אות־גרייז פאַרריכטן,
בתוך דם־פאַרגאָסענע, מייז צעפרעסענע יריעה,
פון חרוב־פאַרלאָזטן מקום־קדוש וויסטן,
באַלאָכטן דורך שויבן אויסגעזעצטע
פון צעבליצטער זון־שקיעה?

ביז ווען מיט האַרץ־קריעה,
אַרומקריכן אויף במות־חורבעס —
פון קלויז־שול חורבות
שיימעס זוכן,
ביים שטראַליקן אַריינשיינען לייענען?
מיט פאַרלאָפענע בליקן
און ליפּן איינגעביסענע
אָפּגעשליסענע בגדים אויף זיך פליקן?

זינקען אין חשכות־תהום טיפער,
אַנגסט־ראָבן ציפּן איבערבלייב פון לייב,
דורכגענומען פון קעלטן, אַרומבלאָנקען, שעלטן?
דעם קטרג אויפרעגן
מיטן אומהייליקן אָפּפרעגן
די פמליה של מעלה?

שׂטן איז מיין שאָטן.
כ׳האָב גאָט פאַרראָטן,
טונקעלע געשטאַלט איבערוועלטיקט מיך
אויפן תועה־שליאַך.
שטראָף דערפאַר, האַר, מיך מיט אַ שׂכר,
וואָס ס׳האָט פאַרדינט,
מיין פאַרברעכערישע זינד.

ס׳איז פון טרער פאַרוואַשן,
אין אויג אויסגעלאָשן
ס׳אַמאָל, אַמאָל,
געוויין
פון זון־פאַרגיין,
געוועזן איינגעשטראַלט אין באַפייכטער ראיה.

פאַר מיר איז פאַרטונקלט דאָס ליכט ביי נאַכט,
פייערטראַף,
סוד פון באַשאַף,
אין צעשפּרייטער רקיע.

זיי מוחל, כביכול!
כ'האָב געאַנט, אַז געפינסט זיך נאָענט אַ שכן
מ'קען זיך אין דרויסן
מיט דיר דורכשמועסן, ווי די תנ"ך לייט.
וווּ ביסטו זייט יענער צייט?
טוסט הויערן אין ווייט־וויסטע, ספערן פאַרלאָזטע?
בתוך וואָלקנס דיך געפינען?
עד מתי, מיין געשריי?
ס'איז דאָך פאַראַן פאַרן אויסגעמאַטערטן גוף
אַ מאָל אַ סוף.

זאָל ערד מיך צונעמען,
שאול פאַרפלאַמען.
אין אַש פאַרגליען
אַ חבל פון נשמה
מיט אימה אַרויסוואָיען,
ווי אַ מדבר־שאַקאַל
וואָס פאַלט פאַר די קראָען אַוועק,
ווילד צעקלאָגט,
איידער ער ווערט פאַרצוקט.

## וואָס אַ מתנה שענקען?

מאַשמאַראַ זאָגט:
וואָס אַ מתנה שענקען דעם אָרעמאַן? —
ס׳מפּולת ווי איך ווײַן?
דלות אין זיבן פּאָלעם?
צער און צרות אָנגעקליבן?
פאַררוּיכערטע געדאַנקען בײַם פאַרגייִן?
אַרײַנבלענד פון לבנה,
וואָס מיט ברען מחדש געוועזן?
קדוש צום מרום געשפּרונגען?
מיט תמימות אויסגעזונגען?
אומוואָר־שײַן,
ווי חלומות צערינען?
וואָס פון שטוב־פאַרמעג אַן אָפּגאָב איבערלאָזן?
העמד וואָס איז ניט מײַן?
טלית־קטן צעריסן?
וואַנט־שאָטנס צו מיר פרעמד?
צעשטשערבעט עס־געשיר?
פאַרמאַדזשגעט פּאַפּיר
מיט פּערזן פול גרײַזן?
טעג בלוט באַזאָפּענע, אָפּגעלאָפענע?
אמונה פאַרלוירענע?
אימה אײַנגעפרוירענע?

וואָס ברענגען דעם אביון
אויף ערד־ערבה
אַ נדבה?

מרה-שחורה פון רעיון טונקלען?
פחד אוים די שטוב-ווינקלען?
נאַכט-אומרו פון מייז צעגריזשעט?

כ׳בלאָנקע
אָן אַ היים, מיט מחשבות קראַנקע,
אויף תוהו-וועגן,
געגליכן צו אַ וואָרעם,
וואָס פּוזשעט נאָך אַ שטורעם-רעגן,
לאָזט נאָך זיך אַ שטעגל שליים
אין געקריך צו אַ נאָרע-שפּאַרע.
כ׳בין מקנא אַ פּייערפליג אין בלינדער נאַכט,
וואָס באַלייכט מיטן פלי-אויפגלי
צווישן קזשאַקעס-קריכערס, זשוקעס,
כ׳שוועב אַרויף אין חלום
צום הימל בלאָ-בלייכן,
ביים עולם-סוף מיין מזל דערגרייכן,
מיט שטערן שכן ווערן —
פאַל צוריק צום טומל פון געקריג;
וויפל כ׳זאָל זיך ניט מיען,
וועל איך אַהין ניט דערציען.

## מאַניע-צייט

ס׳איז אַ צרהקע מאַניע-צייט.
ווילד-פאַרשייט,
לאַנגהאָריקע, מאַרהאַוואַנאַ-פּאָעטן,
מיט מינאָרענדיקן שווינג,
אין אויער-רינג,
ביליקע פּאַטשערקעס אַ שנור אויף האַלדז,
מרוקען אוים מיט גרילץ,
ניט אין סאָנעטן-ריטעם,
מיט הייסן אָטעם —
אַ גאַליקן חבל-שיר.
שיבן זיך, וויגן, בייגן,
פּראַוועז שטיק, רעוועז, שרעקן און פאַרטייבן
קאַנגערו, לעמפּערט, לייב אין די זו-שטייגן.
מיט האַשיש ס׳אבלות פאַרשיכורן,
אין פאַנטאַזיע-הבדלות צעפלאַקערן.
פאַרשפּרייטן פּאָעזיע — גאַס-רייד איבערגעקייט,
אויפן פּעגאַז צום פאַרנאַס רייטן.
שאַנסאָנעטן אין מיני-קליידער,
מאַריאָנעטן, ווײדל-רוחות מיט בלומענקרענץ
און פּאַיאַצן טופען אוים אַ קדחת-טאַנץ
מיט די פאַנטאָפל-קנאַפּל,
באַגלייט פון דזשעז, טראָמפּעטן, קלאַרנעטן,
מעש-ליש-טאַצן.

דור הפלגה:
געשפּענסטער אין תוהו ובוהו וואָגלען,
ווי סילועטן,
שפּיגלען אָפּ דעם פינצטער-היינט,
אין הערצער איינגעפּיינט
פאַראַכט,
צעלאַכט,
אַרויסגעבראַכט,
וואָס אויף נשמה פרעסט
און ווי זשאַווער פרעסט —
אויסצושרייען, פון ענגשאַפט זיך באַפרייען.

נעמט ניט פאַר אומגוט
יונגקייט אין ממשלת-זדון-צייט.
ס׳אויפגעוואַכטע בלוט,
געוואַלדעוועט מיט געהילך.
מ׳וויל זיך ניט וואַרפן אַ קרבן געבונדן,
ווי בהמות פאַרן חלף שאַרפן,
ווען מנובלים וועלטן קערן
אַ פייער-חורבן אָנצוצינדן
און מיט וואָלקנרויך אין הימלישער הייך
איינחושכן די שטערן.

## צום סאָוועט־יובל

זאָל צום יובל
מאת די בליעל־לייט,
נישט פון גריפל אויף טשערעב־טאָוול
ווערן פאַרקריצט,
פאַר צייט־שוואָם אָפּצווישן —
נאָר מיט פלאַם אין לוח־בוך איינגעבליצט
אויף קיין מאָל צו פאַרלעשן.

אַ שקיעה,
פאַר וועלטלעכער ראיה —
פופציק יאָר „פראָלעט דיקטאַטור",
זינט שאָלטיקער פון סאָוועט
פאַרפינצטערן דעם פלאַנעט.

די ראַטן־געוועלטיקער זיך רימען,
כבוד מאָנען,
כאָטש שיק זיי בלומען אין אַוויאָ־באַלאָנען,
זינג אין סאָנעטן אַ קרעדיט־ליד
פאַר די אַסטראָנאַטן, וואָס צו די שטערן פליען.

פוסטע חלומות!
אין יענע מקומות
קאָמונעס נישט בליען.
אין די הויכע פלוינען
רוחות וווינען.

שווידערלעכע גרוילן!
שׂנאה, מאַניע, צאַרישער צאָרן
טוט אין די הערצער פּוילן.
די האַס־הערן צינדן אָן דעם לעוואַנט —
מיט פרעמדע הענט צו שאַרן קוילן,
וואָס אין נאַצי־קרעמאַטאָריעס
נישט אויסגעברענט.

צום נבל־יובל פון די הערשערס ירידה,
זאָל בלוטיק צעטל —
ס׳שאַנד־קאַפּיטל מאת קאָמינטערן־לייט —
פייערדיק איינבראַנדיקן זיך בתוך עמך־זכרון,
ווי מיטשולדיקע
אין סטאַלינס טאָרטור־יאָרן.
נישט אַ לויב־ירשה נאָך זייער פּטירה,
נאָר מיט חרמה, פאַראַכט און מיט פלוך,
זיי טיף אין אדמה אַריינצווינטערן.

דטן נאָוועמבער 1967

## נישט אין אַ קאָשמאַר

נישט דוקא אין אַ קאָשמאַר —
ס׳קען ממשדיק טרעפן,
מיט די אַטאָמישע הורטמאָרד
און צעשטער וואָפן,
זאָלן אָדם־רוחות
די דעמאָן־ממשלה
ערד מיט בלוטיקע ווונדן
אין אַ ווולקאַן־זשאַר
גיהנומדיק אָנצינדן.

אַ פלאַמענדיקער טשאַד־פּלאַנעט
אין אַ לויף־בהלה,
בתוך מדבר־וויסטער
סאָלאַרישן רוים —
אַ חרוב־שוועסטער
פון די כוכבי אלוהים.

משחיתדיקער אוראַגאַן
מיט גאַזיקן גיפט,
זאָל אָנפינצטערן אַ טומאַן,
אין איר הלוך־שליאַך.

די פלאַקערדיקע אדמה
בעתן געוואָגל איבער דער ערבה

פון חלל־שממה
זאָל פאַרנעפּלען די מראה
פון סטעלאַר־מרכבה
מיט צעשטורעמטער כמאַרע.

לוציפער ביים עפר־אַש,
פליגל צעפּאָכעט,
אַ פּחדדיקן גרימצאָרן צעבלאָזן
דורך פייערדיקן האָרן
אַ תרועה בחפזון
אויפן כדור־האָרץ,
נאָכן גלי אין געפּלי,
פון רעגן געוואַשן, אויסגעלאָשן,
מאת צעפּעכעלטע ווינטן —
צו ווערן ווידערהערט
אין אוניווערסאַל־קאַנטן;
זיין אבדון־זדון,
וויטערדיקע געוואַלט,
איבער דער פאַרשאַרפטער ערד.

## ווי לאַנג זיך נאַרן?

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

אהובה מיינע, אומבאַשערטע,
בענגאַלס דיכטער־טאָכטער
פון דיסטאַנצנדיקן אָריענט,
אין בין השמשות צעפלאַטערט,
מיט אויגן פאַרטרערטע
צום מערב געווענדט,
אין זונס שקיעה
אַמאָר־צער אריינצובענקען.

איך, קאַיאָר, דעמאָלט אויפגעציטערט,
שטיי מיט ראיה איינגעהימלט אין מזרח־זדראָך,
אור החמה זאָל דעם זעל־טריל
פון דיר מיר שענקען —
שאַקונדראַ.

ימה און קדם אָנגעצונדן,
האַלט נשמה מיט שטראַל־פעדעם צוגעבונדן.
אַ פאַטאַלע חידה —.
אַזאַ מידה בייביידע,
באַגער־ברען זיך צו זען.
האַרץ ווייטיקט;
פאַרצערפלאַם קנויטיקט אויס פון דם
ספק־זאַפט.
האָט אַ האַפט דאָס טראַכטן
וועגן אינטים קרובהשאַפט
אָקעגן אפק צעלאָכטן?

ס׳כישופט דער בלענץ:
טאָמער די השגחה, דורך שמש־זריחה,
אין צעשייד־ראַנד פון האָריזאָנט,
אָפּ און אויפגעגאַנגען —
וועט נפשותדיק אונדז צונויפברענגען —
שאַקונדראַ.

יאָרן דויערן.
מיט טעותן אויסן זיך לאַנגע מעת־לעתן.
צו וואָס זיך נאַרן,
טיף זיך צערן?
ס׳איז פאַלשער טרוים.
מיר טרינקען ביטערשוים
פון אָכץ־ און זיפץ־באָקאַלן.
דו, אין זיידענער טאָגע,
בעת זונס־גלימער אויסלאָז;
איך, באותו רגע —
אין לאַוונדער כאַלאַט פאַר איר אויפשימער.
עפּעס אַ געהיימעניש לאָקן,
ביי ביידע באַזונדער — אַ בענקענדיק קוקן,
צי פאַרזינק־ און אויפשווונג־שטראַלן
ווינקען נישט אָן
פון איינס צום אַנדערן
אַ לעכצנדיקן גרוס —
שאַקונדראַ.

## וויסטער חלום

כ׳האָב געדאַרפט האָבן אין אָוונט
בעת שקיעת-החמה,
מיט אימה בקדושה
מיין חששה אַרויסגעדאַוונט.

ביים דעמערדיקן אָפּשיין
מיטן השתפכות-הנפש
אַראָפּקוילערן נשמה-שטיין.

דאַכטן אין טרוים:
כ׳וואַנדל אָן שרעק
אויף שווינדל-בריק,
פון לבנה-שטראַלן געפלאָכטן,
איבער אַ פינצטערן תהום
און טו אין כף-הקלע ניט פאַלן.

ניט האָבן געלייגט זיך, נאַכט-שפּעט
מיט אפיקורסישן חטא,
און אַ שווער געמיט,
דאַרפן אין שלאָף זיך וואַרפן,
אויף טרעפּ, וואָס סקריפּען,
מאַת אַ חרוב-קלויז,
זיך דראַפּען
צום בוידעם-לאָך פון דאַך,
ווו ס׳זעצט אַ רויך אַרויס.

ס'האָבן מתים אָן רו
אין מפּולת,
פון שטרוי און פון קברות־גראָזן
אַ פייער צעבלאָזן —
עשן־עולות צו הקדוש ברוך הוא.

רוחות אין דער חשכה,
מיט עיפּוש־געדוכן
פון ערגעץ אָניאָגן,
מיך חלוש, פון אונטער סטריכע,
צום פלוש טראָגן.
כ'בין אין זייער טומאה פאַרקראָכן.

אין היפּנאָזע־אימה,
אָן מיין ווילן,
געוואָרן פון אַ שד געפירט
דורך שחת־טונעלן,
אַרוים צו אַ שליאַך,
ווו קאָפּ פאַרלייגט, הענט צעשפּרייט —
שטייט קריסטאָס־יויז, איינגעחלומט,
און פאַר אים מיט רציחה צעזידט
קניט
אַ דימענטיע־כלאָפּ,
אויף זיין פלייצע — אַ טאָרבע־זאַק.
ער צלמט זיך צום שוויענטי דוך.
אים שרעקט אַ רוח־ראָזמאַך,
מיט בלוטיקער האַק.

איך כאַפּ זיך אויף,
טראַכט:
געדאַרפט אין אָוונט
בעת שקיעת־החמה,
מיט אימה בקדושה
מיין חששה האָבן אַרויסגעדאַווֹנט.

פּילן אין שלאָף־וואַנדל
לייכט,
בעת טרוים־געשלייך,
אויף שווינדל־בריק,
איבער אַ פינצטערן תהום,
בתוך כף־הקלע נישט פאַלן.
גרייכן כסא־הכבוד הייכן,
זיך משתדל זיין פאַרן קץ.

האָט אָבער אַ חטא
אין מיר זיך איינגעבריט,
געלייגט זיך שלאָפן שפּעט,
מיט אַ שווער געמיט.

אַ שטן־ליץ, מיט זיין כיתה,
געהאַט איבער מיר שליטה.

בעת אַ חלום פאַרפלאָכטן —
געזען מתים־סקעלעטן
איבער די טראַשטשענדיקע קנאָכן
באַגנעטיש זיך פעכטן,
שדים אָפּשפּעטן.

מיט אימה פֿאַרקראָכן
אין זייער טומאה
כופר זיין דעם באַשעפֿער.

ס׳קען ווינט
נשמה־פֿלאַם קטר־עשן
אין מיר נישט לעשן.

געבוירן
אין שׂריפֿה־תּקופֿה —
צו ווערן אָן מחילה
אין כּף־הקלע פֿאַרלוירן.

## ווידער אָפּגעגאַרט

— פון ציקל אינדיע
ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

כ׳בין ארויס צום ים.
ווי מיין טבע —
אויסן געווען,
מאָרגנפרי צו באַגריסן,
דערזען:
פון הימלראַנד אין גלי,
שטראַלן רעגענען;
אַ מעווע, מיט בליציקן קוק,
צעקרילעט פון ברעג,
איז צום אויפפלאַם געפלויגן.
בין איך אויך מאַת רויך און טומל
אַוועק צום האָריזאָנט,
פון קיינעמס־לאַנד
מאַגנעטיש צוגעצויגן: —
טאָמער ביים אַמאָרם וואַסערפאַל,
וועל איך דיך באַגעגענען;
מים־חיים שעפּן אוים שימער־קוואַל.
די קנייטשן וועלן זיך פאַרלירן,
און ס׳יינגער ווערן באַלד דערשפּירן —
שאַקונדראַ.

ניט אַלע בעת שקיעה —
זענען צום אור־המקום ראוי.
ביי יחידי־סגולה אַפילו,
געלייטערט אין טבילה־טייכן,
איז זייער ראיה אַ מאָל ניט זוכה
זריחה פון חשקים אין מרחקים צו דערגרייכן —
שאַקונדראַ.

פול קוראַזש,
מיט להבה־פינקל אין די אויגן,
בין איך אַוועק צום מיראַזש
פון האָריזאָנט־לאַנד,
וווּ מעווע איז פאַרפלויגן,
געהאַט נשמהדיק האָפן,
דיך דאָרט צו טרעפן;
אויף אַ פעלד געזעסן,
ווילדגראָז געריסן,
געקוקט צו וואָלקנס צעזשאַרעטע,
וואָס שווינדן אַוועק,
צו פאַרגאַנגענע טעג —
שאַקונדראַ.

דאָרט געוואַרט, געקלערט.
מסתם אַ שוואַרצע קאַץ אין דיין וועג דורכגעלאָפן,
האָסטו זיך אַהיים צוריקגעקערט.
צוגעזאָגט באַגעגענען —
און אָפּגענאַרט.
ס'אַ וויי־ווינד זיך געזעגענען
מיט ליכטיקן חלום —
שאַקונדראַ.

כ׳בין פון ים־ברעג אוועק
צום רקיע־בלענד פון קיינעמס לאַנד,
מיט פעלד־בלומען דיר אַקעגנקומען.
אַרויס פון גרויסשטאָט־טומל,
גאַז און רויך,
געטראַכט:
ביים וואַסערפאַל פון יוגנטקוואַל,
מים־חיים צו שעפּן,
פאַרביידע, פון וועג מידע,
אויס גלאָז־כוס צו זופּן —
האָסטו מיר ווידער געפעלט.
שׂטן האָט דעם עת־רצון זיך אַקעגנגעשטעלט.
צי פון הימל איז באַשערט
די שימל־יאָרן אָפּצונאַרן —
שאַקונדראַ.

מיט בוקעט פאַרוועלקטן אין האַנט,
צוריק אַהיים אַנטוישט,
ביים ים געשפּאַנט —
נאָך אַ פאַרזשאַווערטן נאָגל
אַריינגעטשוועקעוועט
ביים סאַמע סוף געוואָגל
אין בראַנד־וווּנד
פון פאַנטאַסטישער זעל —
תמיד צעפליגלט,
מיט טעותן טונקלדיק נאָכגעשפּיגלט —
שאַקונדראַ.

## נשמה־פונקען

ווען שטערן־געזעמל איז געוואָרן
פאַרזונקען אין די רויכעס,
וואָס גאַוליי‌טער כלבים
האָבן אויף וויסטער אדמה,
יידן־שייטערס פאַרן וואָטאַן־שׂטן אָנגעצונדן —
פאַר וואָס די נשמה־פונקען,
אין חשכות איינגעטונקלט,
האָבן ווי כוכבים אין רקיע זיך נישט צעפינקלט ?

רוחות צעטומלט,
וואָלטן דעמאָלט געדאַרפט אויף לוחות,
מיט חשמל־בליצן בלוטיקן קיום פון ערד־שחת
אין שמים־טיפעניש איינקריצן.
מוות־עולמות, עקדיק איינגעשוויגן,
ווי קוואַסאַרס * מאת פוסטן רוים,
אין פלאַם־זשאַרס זיך צעשריגן.

נבל־ראָבן צעפלויגן אין אימה
איבער אָפענעם גראָבן,
האָבן מיט טמא־שנאָבל,
געשוואָלענע פון טויט־ווונדן געשונדן —
געקראַקעט, פאַרצוקט, אויגן געפיקט
פון געפאַלענע אין מאַקאַבראַ־מהומה.

* הימל־שריפות

בתוך מלחמה־ארצות,
פון אבדון־פּלאַנעט,
נשמה־ניצוצות,
ווי מעטעאָרן פון אַ קאָמעט,
זענען געוואָרן אין פינצטערניש איינגעפרוירן.
ס'האָבן געזאָלט פון די קרעמאַטאָריע־תפוצות,
צעפינקלטע פיינען,
ווי מזלות און גורלות,
אין די הימלען אַריינשיינען,
ווען שטערן אין צער־וואָלקן,
פון שׂר העולם האָבן געטאָן וועלקן.
זיין גרימצעדיקער כעס געווען זאָל ווינטן צעסאָפּען,
אַ מבל־גום איבער אדמה צעליאָפּען;
מחבל פון צעגליטע חיות־אש,
מיט צעטייוולטן דם,
אין חשכות־ים פאַררוישן.

כ'זאָל קענען
האַרץ־עשן פון זעל־תהומות
בתרעומת פאַרן בורא אַרויפברענגען,
וואָלט דער שטורעם־געוואָי פון ווינט,
ווי דער סקאַוווטש פון אַ הונט,
אין מיר זיך איינגעשטילט,
איידער אָן אַ טרער
צעשפּרונגען כ'ווער ...

## אין אַ נאַכט אָן לבנה און שטערן

ווי שלאַנגיק געביסן,
מאַת אַ חלום צעהיצט, אויפגעריסן,
בין איך פון שטוב אַרויס
מיט לאַמטערן־ליכט
אין אַ נאַכט אָן לבנה און שטערן.
כ׳האָב געסטעזשקעט זיך אַ גאַנג,
מיט טריט־אָפּהילך צו אַ ווייטן מהלך.

בעמק הבכא
פון דער מדבר־דיקער חשכה,
מיט צעפּיבערטע געדאַנקען,
אין אבלות נישט צו פאַרזינקען,
האָב איך מיט קאָפּטשענדיקן שיין,
געליכטלט זיך אַ וועג
צום טאָג געבלענדט.

געלאָזט אונטער זיך, טונקעלע שעהען
רעיון־קראָען,
וואָס פון מוח פּיקן,
פּחדדיקע שרעקן.

כ׳האָב פון געשפּענסטער־לאַנד,
געשפּאַנט
צום מזרח־ראַנד
מיט זוניקן מאָרגן־אויפקום,

צעפינקלטן טוי אויף פעלדיקע גראָז,
גן־עדן־גערוכן, זעפירדיק צעבלאָזן —
גרייכן צעזילבערטע טייכן —
ווו ציגן, איינגעשוויגן,
מעלה־גירהן שטראַלן־שטרוי
פון די הייכן געפאַלן.

כ׳בין אַוועק פון פינצטער־היים
צו אַ זריחה־טרוים מנוחה געפינען.
ס׳פאַרשוועבן פון לעבן אין אויפליכטונג פאַרשפינען.
אַוועק זוכן זהרדיקע נחמה —
מיט חשכותדיקע נשמה־געדאַנקען,
בתוך אבלות נישט זינקען.

כ׳בין געגאַנגען אין דרך לאַנגן,
אויסדאַוועגען פון זיך אימה און שרעק,
צער אָנגעזאַמלט,
מאת לאַמטערן קאַנעצדיק צעשיינט —
האָט מיין טרויער און מרה־שחורה אַרויסגעוויינט,
אויף סטעזשקע, אָן עק געצויגן,
מיט אייביקער פינצטערניש פאַר די אויגן.

## ווי אָנרופן די אבל־תקופה

מיט װעלכער טײװל־שׂפה
אָנרופן די אבל־תקופה —
צעװייכערט, אָנגערױכערט,
פֿאַרמאַנסטערט אײנגעפֿינצטערט?

ראַדיאָ־זאָגערס פֿון גרױסן כרך,
צעטראָגערס פֿון דאָ און דאָרט,
דענערװירן מיט גרילצנדיקער שפּראַך,
רעגן נשמה אױף.

סײדן די שױדער און גערודער־גראַגערס אָפּשטעלן,
אין חדר אונטער לאָדן זיך אײנשליסן,
נײעס פֿון דרױסן
ניט װיסן װעלן.
צו מאָרד־זינד זײַן בלינד, געהער באַטױבן.

צײַט פֿאַראַכטע. בלוטיק אומגעבראַכטע,
אין געשיכטע אײנגעקברט
גזלט מײַן רו,
אומערט דאָס געמיט,
יאָמערט פֿון מײַן ליד.

װי שװײַגן אין חיות טריבן,
אַז אױף פּאַפּיר־בױגן צעשריגן
אין יעדעס אות אָנגעשריבן?

וואָס פאַרא תרופה
צו דער גערוואַלט-תקופה?
ווונדנדיקע לייד
אויף יללה-כוואַליעס,
בתוך בהלה מיט ריטשענדיקע קולות,
רצחדיק צעשפּרייט,
בעת בלוטיקער צייט,
אין געוואַגל,
אויף פאַנטאַזיע-פליגל אַוועק,
איצט, צעשטורעמט מיט מלחמה-שרעק,
אויף צעטרעסלטער ערד.

אונטער ביימער-שאָטן,
באַשיצט פון רעש-משוגעת
מאת אַטאָמישער וואָלקנס-גראָ —
געפינען שלווהדיקע רו?

# אַ באַקלאָג

פאַר וואָס פאַרמאָג איך ניט,
ווי פון אַ צעפייערטן אויוון אַרויסגעפּאַשט,
אַ סאָרט צעגליט וואָרט: —
וואָס זאָל האָבן אַ קין-בראַנד
איינגעשטערנט
אין די סטאַלין-לייט?

צי ווי צעשמאָלצן בליי
שאַנד אַריינזאַלצן אין אינגעווייד,
עוקר זיין דעם שקר,
פאַרדאַרעמט איינגעווערעמט?

כאָטש אַ בריענדיקע קללה
מיט כעס-געוואַלד האָבן אויסגעשעלט —
אַ קעגן-גיפט צום יידן-האַס, צעשריגן
מיט שׂנאה-סליניע אויסגעשפּיגן?...

עם-עולם-חלום —
פריד, פרייד, נביא-רייד
אין רעיון איינגעפּאַקלט —
טויזנט מאָל איבערגעדראָשן —
איז פאַרברודיקט,
אויסגעלאָשן.

ווי לאַנג נאָך פון די מנוולים
בלבולים פאַרטראָגן,
ס׳גאַליק שיפּען,
צום זשיד זיך טשעפּען,
זיין בלוט אויף ראָד־אַקס האָבן געשמירט,
פון האָליקאָוסט־וואָגן ?
צו גאולה אויף גערילע־וועג געפירט,
מאת ערד־דזשונגל,
ווי אפילות און דלות
איז מיט לעבן אין געראַנגל.

במקום ערד צעאַקערן,
ברויט פאַרזייען —
טוען די, מיט העץ־געשרייען,
מלחמה צעפלאַקערן,
ליפערן כלי־זין,
צו די בני־ישמעאל,
בלוט־פאַרגיסער פון עם־ישׂראל.

זייער גראָב סאָציאַלער אויסטייטש,
האָט ווי אַ טרייב־בייטש,
אַריינגעכוואַשטשעט זיך אין מאַסן־לייב,
פאַרפינצטערט דאָס געוויסן,
געטאָן הומאַנע געפילן פאַרמאַסקאַליפירן.

ניט מיט גזלנישער מינע, רציחיש ריידן,
אויפרור און מאָרד־געשיר,
גייט מען אַקעגן,
צום פּראָלעטאַרישן גן־עדן.

ניט אויף גיהנום־וועגן
אונטער חשכות־וואָלקנס
מיט בליציקן רעגן,
אַנדוגערדיק פּחד —
איז אונדזער דימיונדיקער חלום־גאַנג,
מאַת קאַשמאַר־טשאַד אויסגעטשוכעט,
ווו שלום־טויבן שוועבן
צו אַ שלווהדיקן לעבן.

ניט אויף שטעכל־שטעג, ווילד באַוואַקסן,
און ניט מיט ביקסן,
זדון־רשעות אַנגעלאָדן,
וועלן קומענדיקע דורות,
קינד און קייט,
פון פּאַנדעמאָניום אַוועק,
גרייכן עלדאָראַדאָ־רוביקאָן,
און אריבערבראָדזשען צום מילעניום־ברעג.

(אויגוסט 1967)

## אויס מאַמעס שויס אַרויסבאַשאַפן

האָסט מיך, כביכול־האר,
אין אַן אָסיענדיקן קאַיאָר, —
פון פאָטער־זוימען,
אוים מוטערשוים אַרויסבאַשאַפן: —
אַ פאַנטאַזיאָר,
מיט ווייניק שׂכל אין מוח פאַרשליפן.
ניט צו באַגרייפן
אל אור החיים,
מיין שפּלדיקן קיום
בעתן תחיותדיקן אָפּטרוימען
אום האָבנדיק זיך דערוווּסט
אין פונקענדיקן צעברויז פון אוניווערס,
ווו דו ביסט.

פון וואַנען דער באַגינען,
ווען אין אורגעדאַנק
האָט זיך כל־עולם־חלום
אויסגעשפּונען?
די להבה־מרכבה אין נצחדיקן געשוווּנג,
איבער פינצטערע ערבות,
פּוסטע רחבות, מאת שממון צעשוווּמען?

צו וואָס, האר,
האָסטו מיך אין ווירוואַר
פון אַ שׂרפה־תקופה
בתוך אַ מגושמדיקן גוף

מאת ערדשטאָף,
גערטאָן צעוואַכט אויפברעכנגען? —
אַ לויב זינגען
צו אויסגעשטערנטער נאַכט;
תופס זיין דורך תהילה
און קבלה דעם מה למעלה?
פאַרשטיין דעם הימלישן צעשיין?
דיך דערזען?

וואָס זענען ווערט
איינגעפלאָנטערט אין תבל־צייט
הבל־רייד,
פון נשמה אַרויסגעמינטערט,
אפילו אין אַ הייליקער תפילה
אַרויסגעטערערט?

וועט סנדלפון דערפון
אין אַ ווייט מדבר טונקלען —
אַ שטערן צעפינקלען
פאַר דיין קרוין,
וועסטו אַלץ בראשיתדיק
פון אַסטראַל־שטויבן
ששת ימי אויף ס׳ניי
אָנהייבן?

ווער טוט דאָס מיך אין צווייען באַהערשן?
אור השכינה צו פאָרשן,
שורש היציר דורש זיין;

צי מיט ווייען און קינה־געוויין,
אויגן פאַרלאָפן —
זינדיקס אויף ערד שטראָפן?

ווער בין איך, דער חרוץ,
אַרומצושלאָנדערן אויף כדור־הארץ
אַ גיהנום מיט חשכה
און רציחה —
התלהבותדיק באַוווּנדערן
אומגעהייערן אויסשפרייט,
און טראַכטן:
צו וואָס מיך פון חומר־שטאָף
אין אַ גוף, נשמהדיק צעלאָכטן?
אילע מיינע יאָרן
אויף פּרוזדור־וועג,
בייז פאַרלאָפענע
באַדויערן —
איידער ס'חושכט אָן אין איינזינק
אָבלדיקע טויטנאַכט
און כ'צאַנק אויס,
ווי אין רויך־טשאַד אַ קנויט
פון אַ צעטאָפּיעט יאָרצייט־ליכט.

## צייט-אייביקייט

צייט-אייביקייט,
הימלדיק צעשפּרייט,
מיטן רוים אויסגעמישט,
טומו דעם תבל ווימלדיק פֿאַרשוועבן.

פֿאַרשווינדנדיקע מינוטן
רויבן רגעווייז דופּק-שלאָג
פֿון די בלוטן,
מינערן דאָס לעבן.

וואָס איז צו טאָן,
קעגן זמנעדיקן אָוועקשווים
— אויף קאָסמאָסדיקע וועלן
פֿון זונס שקיעה-אור,
— צעשחרן קאַיאָר?
אוניווערס-זייגער אָפּשטעלן?

דאָס היהדיקע פֿאַרשווינדן,
צו אַ תמיד-הווה צובינדן?

שנת-ימים נישט צו פֿאַרלירן?
פּונעם פּנים ווי אַ כעלעמער נאַר,
צער-קאַרבן אַרויספּאָלירן;
מאת זקנה-יאָר שוואַרץ פֿאַרבן די האָר?

האַרץ שנעל טעמפּאָדיק צעפּולסירן?
זאָרג און שרעק פון זכרון מעקן?
בליקן, וואָס ראיה בלינדן
מיט אַ געפינקל אָנצינדן?

וואָס טאָן צו ווערן יונג? —
אומברענג-שלאַנג אין נשמה איינגעשנאַהט
גיפטיק סלינעט.
סוף-שלאָף אין גוף,
טויט-גליווער אין זעל,
געל-זשאַווער אונטער דער הויט.

איז דאָ אַזאַ פּוישן-געטראַנק,
וווּנד צו לעשן? ווערן פאַרתמט,
איינצודרימלען מורא-קרענק,
מרה-שחורה-רויבענדיקע רו
אַוועקפלאַטערנדיקע מאַטערנדיקע שעה?

# אין דער סומאַטאָכע

כ׳זאָל אין דער וויסטער סומאַטאָכע
בליץ-שטראַל אויף שטראַל,
ווי שטאָל-קלינגען,
פיילן, שאַרפן,
זריחה-זיילן בלענדיק אַרויסברענגען,
אין ערדם-חשכה אַריינוואַרפן.

איך בריאה, זאָל נשמה-ווונדיק,
שטראָף-רייד פון תנ״ך
צו סדום-לייט אַרויסזאָגן;
שלום-נביאה, ווי ישעיהו,
צום שלים-עולם צוטראָגן;
ווען די אוממענטשן
קללות מיר ווינטשן
פאַר דעם פאַרברעך.
מיך זקן שלימזל
צום עזאָזל שיקן,
ווי שחת-רוחות
פון גיהנום-פאַרעם
פאַרפירן כמאַרעס,
צעבורען אַ זאַווייַ,
שטורעמס צעוויינען,
פאַרן אַשמדאַי
מיין תוכחה לייענען.

דער מחבל פון מעפיסטישע אינטריגעם,
וואָס איבערן האָגל־מבול
פליגל צעשפרייט —
וועט מיט טאָרנאַדישע פיוגעס
מיך יאָגן אין תוהו־טאָלן,
ווו טויט־גרוילן אויפשוידערן.
איינגליווערן רויט־פלוס בתוך די אָדערן,
פאַר די דיבורים
קענן אומצוכט
אַרויסגעבראַכט,
מיט יסורימדיקן צער
באַצאָלטער שׂכר.

ניט געזאָלט ווי אַ נאַר,
וועלטן איינלייגן,
ס׳שעלטן פאַרשווייגן,
פיינלעכן גרים
באַהאַלטן אין זיך שטום.

## מאָנומענט

אוים שאול־תהום
אַ ווולקאַנישער פלאַם
הימנדיק צעשריגן —
גרויל פון תחתון־הויל,
גיהנומדיק אַרויפגעשפּיגן,
מיט שלאַנגען־רויך צו דער הייך
אויפגעגאַנגען.

אש־להבה־שׂנאה,
אַ חשמל־מתנה צו שׂר השכינה —
דעם ברען צו זען:
אָדם־דם שטראָם־רויט צעזאָטן,
האָט מיטן שׂטן
כורת־ברית געווען.

מכשפה אַקעגן דער שׂרפה
אויגן אַרויסגעזעצטע, צעבליצטע —
איינגעבויגן,
שאַרט קוילן צעגליטע
פון מאַמע און קינד
מיט אָפּגעבריטע הענט,
קווייטשענדיק געוויין אין נאַכט אריין.
רוחות לויפן, פלאַטערן,
ווינט צעוויטערן,
פלעכטן פון מרור־ריטער

און דאָרן־בלעטער קראַנצן,
בענטשן דעם שייטער־הויפן
פון מענטשן —
און אַ ריקוד־טאַנצן.

זיי מוחל, כביכול,
אים, מחבל־שד,
וואָס פאַרמאָגט דעם משחית־סוד,
אַטאָם־פייער דורך רויך־וואָלקן גרויער,
צעשאָלטער־צאָרן פון פאַרלענד,
אַ מאָנומענט,
לזכרון גיהנומדיק געברענט,
צו הימלען זיך הייכן
שטערן לעשן —
אין נאַכטלעכער חשכה,
פאַר דיין השגחה אַ מהומה־צייכן
פון אַדמה צו ווייכן,
ניט זען אים בראָדזשען אין טרערן־טייכן.

# פון א חלום צעוועקט

פון ציקל אינדיע —
ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

פון אַ חלום צעוועקט,
האָב איך פאַרן פלי־אויפגלי,
אין גאָרטן מיט זומערדיקן צעבלי,
צווייגצויטן געטעסעט,
גראָז געקאָסעט,
פניאַקעס אָפּגעזעגט;
וויקל־שטעקלפלעקער פאַר די צוקערשויטן פאַרזעצט;
בלומען — פון גום־קאַנען
מיט וואַסער באַשפּריצט;
ווילד געוויקס אויסגעריסן —
שאַקונדראַ.

ס׳ווילט זיך וויסן,
צי דיין גן־עדן,
מיט פלאַמיקע רויזן
איז פון די דינסטמיידן נישט פאַרלאָזן?
ווערט געפלעגט זונס אוראָראַ?
זאָל די סאַפראַן־פלאָרא
ניט פאַרוויאַנען.

פון שלאָס,
פאַראינדזלט אין אַ לאַגון,
מיט שווימענדיקע שוואַנען,
ביסטו אַרוים דורך טעלעפּאַטישן צוצי,
געפּנימט צום מערב
ערב דושנער חמימה,
בשעת שקיעת החמה,
דערפילנדיק
ווייט קעגן איר מזרח, זיו־זריחה,
מיך,
האַלטנדיק מיט ברכה פאַרפרומט
אין האַנט אויסגעשטרעקט
אַ בונד ליליעס ווייסע,
פון פרחים־בייט געפּליקט —
שאַקונדראַ.

ס׳קען אַ וווּנדער געשען:
אין וועלביקן אויסבויג,
דורך רעפלעקסישן שטראַלשיין,
מיטן וויזיאָנישן אויג,
זאָלן מיר ביידע זיך דערזען.

ס׳מוז זיין דיין ווּיִע אַ פאַרטרערטע
פון חלומות צעשטערטע,
מסתם בענקסטו פאַרטראַכט.
שעהען לויפן,

גליען אַריין אין זון־שקיעה פון פאַרנאַכט.
דער צעפּייערטער ראַנד־בלענץ
איז אַ שייד־גרענעץ צווישן אונדז:
דו, אין אָריענט־דעמער־צייט, בעת
שמש־אונטערגאַנג;

איך, פאַנטאַזיאָר, קאַיאָר, בעת איר שימער־
אויפשווונג.

פאַר דיר אַ טאָג פאַרלוירן;
מיינער ניי־געבוירן.

טראָגט זיך כאַטש
דורך די בלאַנדזשענישן פון דיסטאַנץ
אַ גרוס?
צי צום פאַרדרוס —
מיט די שטראַלן
ערגעץ מדברדיק פאַרפאַלן,
ווי די טעג, געוואָרן אין וועג איינגעפרוירן?

## לאָמיר רייטן

לאָמיר זיך גרייטן רייטן
אויף וואָלקן, געוויכערט מאת ווינטן,
אוים קאָסמאָס־חורבות אַרויסגעפּיינטע,
בתוך רקיע איינגעשחורט,
צעוויטערט איבער ערד־אָפּגרונטן —
אַריין מיט במורע־פערד,
אין ווייטן פון אייביקער נאַכט.

בתוך אָפּל בלינדן
ליכט אָנצינדן.
מיט כישוף־שפּרוכן,
זוכן פאַרלוירענע ליאַרמס,
שטורעמס,
אין עבר־גליווער אַריינגעווייגטע.
להכעים־רוחות,
אויסגעטראַכטע,
פון בייזער מחשבה —
ווילדוועלט צו דרעשן
פינצטערדיקע רציחה לעשן.

בתוך בלוטיקע צייטן
פון וואַנזין־כאַאָטישן געשפּין,
וועט קיינער נישט נאָכבאַגלייטן,
סיידן ליידן,

בלייבן מיט אונדז
אין זכרון-דויערן —
געדאַנקען-קברים
מאת בלוטיקע יסורים.

ווער וועט אַ גוט וואָרט דערמאָנען,
מיט בענטשונג געדענקען,
ווען מירן אַוועק פון דאַנען?
עמעץ איז גרייט פאַרנעמען
מיט אַ שלל לעבנס-פלאַמען
אונדזער אָרט? —
דער חלל וועט דאָך נישט ווערן
אויסגעפולט בלויז מיט זונשיין,
לבנה-בליאַסק און שטערן?
לאָמיר זיך גרייטן אַוועקצורייטן
אויף רוחות פון צעוויכערטע ווינטן,
צאַרנדיקע וואָלקן-פערד,
אויפגעוויטערטע איבער ערד-אַפּגרונטן,
ערפלדיקע זאַווייען, וואָס ציען
צו צייטן איינגעשחורטע,
בתוך אפלות,
אבלות-קולות,
אין עבר-גליווער
אריינגעוויינטע.

כעסיק פאַרדראָסן
פון איינגעמערדערטע טעג
אין קריגס־געוויכער,
מיט טויזנט לעכער
דורכגעשאָסן —
ווילט זיך
אין טרויער־זעק צעריסן
צעוויטערט פלאַטערן אַוועק,
ווו שדים הויערן איינגעפרוירן,
באַבעלמעטע, פאַרחלומטע אין נעפּלדיקער אוממאַכט,
מאת חושכדיקער נאַכט,
ווו ס׳געשטאַלטיקט זיך שרעק,
שאָטנט אַריין אין מענטשן־בליק
ביים געבוירן —
געוועלטיקט איבער אים
בעתן דורכוואָגלען אויף ערד —
דעם קאָרידאָר צום תהום
פון איינגעפינצטערטן תהום.

## כ׳זאָל אַ שפּאַן טאָן

כ׳זאָל אַ שפּאַן טאָן מיט מײַלן־שטיוול
פון אָקעאַן־ברעג
איבער תהומות
צום תבל־עק —
װעל איך ניט זײַן מער אָפּגעקערט װי אַצינד
פון דלד־אמות ערד־מקומות
מיט פּאָװיאַטינע־דמיונות אײַנגעשפּינט.

װיפל כ׳זאָל
אונטער זון צעשײַנט
שװעבן איבער װאָלקן,
צעאָדלערט די פליגל
אַקעגן װינט —
בין איך נאָך ניט אַן אַנטװײנט קינד
פון פּרימיטיװן סאָרט,
אױם סקריפּנדיקן װיגל,
הענגענדיק אונטערן באַלקן
צװישן װענט פאַרשפּאַרט
זיך טרײסלענדיק אױף אײן אָרט.

כ׳זאָל במחשבה
אױף אַ פײַער־מרכבה,
אַרײַנרײַטן בתוך בלישטשענדיקע משיח־צײַטן,
פון עתיד־לבוא —
װעל איך אין טראַכטן
ניט זײַן מער, װי אַ מעת־לעת־מהלך
מאַת פינצטערן נעכטן
צום מולך אַ קרבן.

אפילו וויזיאָניסטיש־פאַנטאַסטיש
די ספערן פון די שטערן אין די הויכן דערגרייכן —
אַ דיסטאַנץ־מאָס
מאת מיליאָן יאָרן —
וועל איך ניט האָבן מוחדיק בתוך שאַרבן
אַ סך וויטעניישן אָפּגעפאָרן.

אויף וועלכן אופן
וועלן אַנטלויפן,
בתוך פאַרנעפּלטן חלום
וואַנדערן איבער עולם —
שלעפּט זיך מיר נאָך מיט רעיון־בזיון
דער קריכנדיקער איך:
נשמה פלאַמיק אָנגעצונדן —
אָן גוף פון דער אדמה
ווי מיט אומביליקוס־שנור צוגעבונדן.

אין מיין שרייבן
מיט איינגעענגט באַשרענקטן שׂכל
קען איך צו כביכולם הויכקייטן,
פון אייביקייט זיך ניט דערהייבן;
מוז פאַרגאַלט אין אונטערוועלט
אויף תמיד
אומווערדיק ערדיק
פאַרבלייבן.

כ׳זאָל אפילו זיין,
בבחינה דער קרוינפויגל —
אָדלער אין די פעלדזן-בערג,
וואָס זיין ווילדהאַרץ
וויל אין וויסטנעסט
ניט רוען;
טוט העכער וואָלקנס
צו וועלט-עק פליען —
וועל איך מיט מיינע פאַנטאַזיע-פליגל,
ניט זיין ווייט אַוועק
פון קינדיש צעסקריפּעט וויגל,
ווו נאָך מאַמעס בריסט
כ׳בין געווען צעכליפּעט.

כ׳מוז זיין איינגעשכנט מיט די חלומות,
ביז מוות אין די דלד-אמות-מקומות,
וואָס מיין גורל האָט אָנגעצייכנט;
זיין אַ קאַפּריזנע ניט אַנטוויינט קינד,
צוגענאָפּלט
צו ערד
רויט פאַרבלוטיקט.

# מיט געוויטער־ריטער

פון ציקל ר׳ איציקל בעל־מגיה

אל נוקם ונוטר!
טרייבסט מיט געוויטער־ריטער
מיך, דעם קרוע־ובלוא,
מרה־שחורה־בעל־מגיה —
אין געדאַנקען פינצטערע פאַרזינקען,
איבער שחקים אומגעהייערע,
פון וויכערס אויסגעדראָשענע,
וועלטן פאַרלאָשענע.

דערהייבסט מיך אין מיין וואַנזין אַהין,
ווו ס׳גייען־אויף וואָלקן־געשטאַלטן
בצלם־אלוהים;
מענטש־פיגורן פון בראשית־יאָרן,
אין רקיע־פלאַם פון שקיעה אָנגעצונדן.

ס׳שווימט אָן פאַר מיין ראיה
אַ פיל־קברים־כמאַרע
אין פאַרנאַכט,
אַ מוראדיקע מראה,
פון זון־פייער צעבלוטיקט.

ס׳שוועבן דורך מוח ווילדן,
תנך־העלדן,
געטראָגן איבערן אבלות־גלות
חושכדיק אָנגעשלאָגן.

כ׳שטיי, מחשבהדיק פאַרפיינט,
אַן איש־נעלם, מיט יסורים צעוועקט,
אויף וועלט־בית־עולם איינגעקלאַגט,
טיף פאַרבליקט אין אבות־מצבות,
מיט אימת־מוות אות־מרובעות איינגעשטיינט,
ווינטיש אַרויסגעוויינט.

ווי לאַנג אויף הרים וגבעות שטייגן,
מאת רו געריבט,
באַטריבט נישט שווייגן —
אַ מומר גולם
מיט דברים־מרירים?
זען אונטערן הימל אַוונט־צייט,
אַ געזעמל לייט
אין פלאַמען
קידוש־השמדיק אומקומען.
ס׳קללהק פליסטערן,
יללהק לעסטערן,
וויל נישט פאַרשטומען.

כ׳שפּאַן
בתוך אַ טומאַן,
ווי פון אַ ווולקאַן.
טייפונס פייפן,
שטורעם־ווינטן פון הינטן;
שחת־זאַווערוכעס,
פון פאַרנט צעצערנט.

איבער ערד, בית־עולמדיק צעדלובעט,
און מיט ספרים־קברים אַרומגעשיבעט —
כ׳וואַנדער,
אַ כמעט בלינדער,
אויף ערבות־חורבות, —
פון מזיקים אָנגעמרוקעט,
מאת וואָראָנעס צעקראַקעט.

צעפלאַמטע רוחות
מיט צעברומטער מהומה
פון מלחמה־צייטן,
מיך באַגלייטן.
מוז איך אין אימה איבער אַדמה
מיט ווירבל־רויכן זיך אַרומשלייכן,
שלאַנגען־גיפט־לופט שלינגען,
זיפצן אויף צעדמטע אָדם־ערטער,
מיט עיפּושדיקן הודיען פון שאול־פייער מויל,
מוח פאַרטשאַדען?

כ׳בין מיד טאַפּטשען
מיט מיינע יאָרן
אין חיות־פּרוזדור,
ווי אין אַ פאַרסאַזשעטן קוימען,
צייט אָפּזוימען,
בתוך תופת־הארצות.

מיט איינגעחושכטער ראיה —
קען איך אַ באַקוויטיקטער,
במהרה ויראה,
ברתוך פאַרבלוטיקטער תורה,
פון צעשחתטן נעכטן
פאַרגוואַלדיקטע אותיות פאַרריכטן?
וויפל לאַנגע יאָר
אין חלום און אין וואָר
מיט ציטערניש מרעיש-עולם זיין?
שטיין פאַר דיר ווי פאַרשיכורט,
וועגן בהלות צעפלאַקערט אַרויסדברן שאלות?
אין צעשטורעמטע כוואַליעס
פון זדון און ליידן זיך באָדן?
אל נקמות,
באַשטראָפער מיט חרומות,
פאַרשאָלטענע נשמות!

## ערד־גיהנום

לאָמיר ניט ווי פאַרצייטן —
דאָן קישאָט, פאַנצערדיק געקליידט,
פון סאַנטשאָ־פאַנטשאָ דעם שוטה באַגלייט,
ריטערלעך איבער טויטטאָלן רייטן,
שגעון אידעע פאַנטאַסטיש צעשפּילן,
אָן שרעק מיט לאַנצעט־שפּיז פעכטן ווינטמילן,
אין שטערוועג צום קאָלאָסום־ריז,
צו באַפרייען דאָלסאָניע מאת פאַרכישופטן שלאָס.

אום האָבן באַגערט ביים חיות
איבער דאַנטעס שאול תחתיות צו ווערן געפירט.
זעען אין שממות תהומות זינדיקע נשמות,
פון זינען גערירט,
יסורים און ליידן
בתוך פייער־טייכן געלייטערט.

דמיוניש ניט ווען דערגרייכן,
פון מילטאָנס אָבוד־־גן־עדן.
הימלישע מהומה,
גאָט און שׂטן מלחמה.
ווערן געפּלעפט,
בתוך פליכט נאָך פאַרלוירענער שלאַכט,
רעבל־מחבל זינקענדיק צו אדמה
מיט נחש־גיפט,
אָן די יושבי־חושך זיך באַהעפט.
מער חלומדיק ניט שוועבן
איבערן זון־שקיעה־שליאַך.

ס׳באַשערט ביים לעבן אונדז דורכשלייכן
גיהנום פון דר׳ערד,
כמורנע אינפערנאָ זעען,
אין קוימענס רויכיק אויפגיין,
יומענס פלאַקער-ווונדן,
מאַת גערמאַן-דעמאָן,
קרעמאַטאָריעם אָנגעצונדן.

חרוב-שטעט,
שטיבער דעוועסטירטע,
ברואים איינגעצערטע;
אוים דומפיקע גריבער
אָדם-קריכער
מיט געשוואָלענע בייכער,
איבער סקעלעטן טרעטן —
אין אַ יאָמערדיק משוגעת-געבעט.

אַלטע געבויגן, פאַרשטומטע, אויסגעקרימטע,
הענט ציטערדיק, ביטערדיק שווייגן;
קינדער אין חשכות בלינדער,
מיט פאַרבעלמעטע אויגן,
פון הונגער די פינגער זייגן.

זעען אין דם-ים גופים אַרומשווימען,
מאַת אַרבע מיתות אומגעקומען.
צעשאָסן, פאַרגאַזט,
אין פעלד געלאָזט,
פון וועלף צעריסן,
ווערעמיק צעפרעסן.

לאָמיר אַוועק דערשיטערט,
מאת קריגס־קאָנטינענט,
רציחהש צעמעסערט,
מיט בלוט־ריטשקעס אָנגעוועסערט —
אַריין אין אָריענט,
צווישן די שנאָרער־שלעפּערס,
אָרור־לעפּערס,
מיטן צרעת־חולאת,
מיד פון געוואָגל, בתוך מדברס געפּאַלן,
צעביסן מאת פייגל און שאַקאַלן;
טרעפן המון־שערענגעס אויף פּוסטע וועגן,
עיפּושדיק טויטע,
בעלי־חוטא ביי די גאַנגעס־ברעגן,
זיך אויסמישן מיט דערווישן, הימל־שווערמער,
שלאַנגען־שאַרמער —
וויסט מענטשן־מיסט, פּוילנדיק אין די גאַסן.

קוקן אויף עובר־בטל־זקן.
צום זייגלינג מיט טראַכאָמע,
דערקוטשעט פון פליגן,
ביי מאַמע־בריסט זיך פאַרוויגן.

ניט אויף שטויב־פּאַליצעס בתוך דלות שפּאַלטן
איז נויט באַהאַלטן.
ז׳שפּאַרט אַרויס פון ענגע אוליצעס,
איינגעמושבט מיט קויט.
ווי סטאַרוואַציע זיך זאַנאַדעט.
אומפּלייט, לייד און טויט אָנגעפּלאָדיעט.
רעבעל־טייוול זשלאָקעט
איבל־משקה פון צרות־לאָגל.

אומגעקערט מאת זון-זינק-שליאַך,
אויף ערד צום מעטראָפּאָל-כרך:
מערקן מיר מיט פּאַרדרוס,
מאַמאָן-דעמאָן מאַרסיש צעטומלט
אוצרות זאַמלט,
אין קאַסעס מיט שלאָס און שטאַבעס פאַרריגלט,
פאַר געציילטע אויסגעוויילטע.
בתוך געיעג נאָך צעבאַלעוועטן ווילטאָג,
בגילופין פעטלעך צעפליישט,
ווערנדיק אין קרום-געשליפן גלאָז,
זילבערדיק געליישט,
פון געלט-גאָט-שד,
אַריינגעשפּיגלט.

## דער שפּאַן פּאַרויס

מיין שפּאַן פּאַרויס
מיט מידן גוף
צום עגמתדיקן סוף
איז אין אַ טומאַן.
דער אַצינד,
ווי אַ רויטע ווונד,
איינישורימדיק בליק
בתוך געוואָגל אויף שמאָלן שטעגל,
ווי פון מיסטישע טרעפּ
אַ זינקעניש אַראָפּ.

ס׳׳פאַרלירן זיך מיט טריטאָפּגאַנג סעקונדן.
ז׳וויברירן אַרוים מאת צעטרייבערטער שעה,
אימהדיק אומרו,
פאַרשווינדן אין אייביקער חשכה
פון עמק הבכא.
סיידן קערן זיך אויף הינטערווײלעכץ צוריק —
צום געגרילעכץ, יללהכץ, שלוכצן, זיפצן, קרעכצן,
מאת פאַרפלוכטן נעכטן.

כ׳זשלאָקע אַריין אַ כוס-אָנגוס
קאַשמאַר-געטראַנק
מיט אַ צוקער-זיספאַרשיכורנדיקן טעם —
פלאַמיק בלוטן אָנצוהייצן,
פאַנטאַזיע אויפרייצן,
אין געדאַנק —
אויסצומאָלן

ס׳אַריבערשווימען אַ צעשטורעמטן ים
מאַת צעכוואַליעטע ליידן
צו אַ האָריזאָנטאַלן ברעג
מיט שטראַלן־שטעג
צום גן־עדן קומען.

רייטן בזיו השכינה
אויף וואָלקנדיקע קעמלען
צו זריחה־הימלען
מיט לבנה און שטערן
בתוך געטלעכער ממלכה; —
הערן קדושה
פון מלאכים,
שבחים צום בורא,
במנוחה איינדרעמלען
אין טיפן אָן־סוף שלאָף.

## אַ גלוסטעניש אַזאַ

כ׳וואָלט וועלן שׂר כל העולם,
פאַרן אומקום
צעשטראַלטע ראיה
אין מיין שקיעה באַזיצן,
בלוטיקן האָריזאָנט,
פייערדיק צעצינדט,
צום אחרית הימים
אַריבערבליצן —
אַ תפארתדיקער חלום,
זוניק געשפינט,
בתוך שחרית-שיין אויפצוגיין.

בעתן פאַרבלאָנקען אַהין,
נביאהש מיט ברען,
שכינהדיק באַשאָנקען —
אַ גאולה תהילה מתפלל צו זיין.

כ׳באַגער:
ביים אַראָפּשפאַנען —
איינגעדמטע
ספירה צעפלאַמטע
דורכדרינגען; —
ווו להבא-פרייד איז פאַרזייט —
שוואַנען-שירה אויסצווזינגען.

פאַרטונקל מיך ניט, האַר,
מיט אַ מרה-שחורה-מורא,
צעפינקל חשכה אין אַ זריחה,
קללה צו אַ ברכה —
ניט פאַרזוימען
שופר-שאַל פאַרנעמען
פון גואל ישׂראל.

פאַרן איינעברן,
זאָל אויף לעפּן
קרעכץ און זיפץ
ניט גליווערן.
שענק מיר, זקן,
גייסטיקן כוח,
נשמה-פלאַם,
ליכטיקן מוח,
פאַנטאַזיע,
דיסטאַנץ-בלענץ אין וויזיע —
אַריבערצוקוקן שווידערדיקן ראַנד
גיהנומדיק צעברענט.

היל אָפּ טרויער-שלייער
פון מיין בליק.
גרויל-געפיל, צער אָן אַ שיעור —
אַ בהלה נעבולאַ דיק —
הענגט איבער מיר.

באַווייליק, אַריבערן האַריזאָנט,
צערויטלט פון שפיכות דמים,
געפינען עתיד-ימים,
שמשדיק באַקרוינט.

פאַרן אָפּגאַנג האָבן הייליק,
אַ געזאַנג,
צעפּרומט אַרויסגעבראָכט.

בשעת פאַרשווינדן
זען
חבלי המשיח אויפגעבונדן,
עם סגולה בגולה,
מהומהדיק צעטומלט —
בארץ ישורון פאַרזאַמלט,
ווו פּאָעטן,
מיט תנך־שפּראַך מאת פּראָפעטן,
וועלן אויפברויזן אומות העולם,
נצחדיקן שלום איינצוהויזן.

שענק מיר ווונדיקע בריאה,
אויף ערד זינדיקע,
אַ ווייטע ראיה,
צעצונדענע שרעקן אַריבערצוקוקן,
פון איינגעדמטע
כמאַרעס צעפּלאַמטע,
דערבליקן דורך ליכט־שפּאַרעס ווייט אַוועק,
טעג אויפגיין,
אין מזרח־האָריזאָנט
זוניק צעבלענד.

באַשכינה מיך מיט א תחינה, האַר,
האָבן נעילה־יעלות
אין אַ שיר המעלות
אַרויסגעתהלימט.

# העל געשטאַלט

**פון די פּאַשאַנאַדן**

הינדראַ —
העל געשטאַלט,
גאָלדיק־בלאָנד,
האָסט לאַנג קריק, אין טרוים
צווישן פלאַמענדיקע רויזן זיך באַוויזן —
פאַרבילדלט מיט קדושה אין מיין געדאַנק.

בשעת די שפּעטע יאָרן
אָפט קומט מיר אין זכרון,
דיין געטלעכע מראה
ביים שטיין קעגן זון־זינק מיט יראה פאַרגאַפט,
בעת דער נעילה־תפילה.

כ׳מראַכט:
פאַרן פּרוזדור־השפל פאַרלאָזן,
מיט דיר אשה, האַנט און האַנט איינגעהאַפט,
וואָלט איך נישט געפילט מוראדיק אליין.

דיין שטאַטור
מאַכט פילן געהיימע נשמה־טענער
פאַר אור השכינה אויסצושפּילן,
אַ הלל מתפלל זיין.

איך בן אָדם, אין קינסטלער־גאַרב,
אַקעגן האָריזאָנט,
פּינדזל מאת זון־פעדעם,
געטונקען בתוך צעצונדענער פאַרב,
אויף אינדזל־הינטערגרונט,
מאָל
איבערוועלטיקט מיט אַ שבח צום רבונו של עולם,
ווי געשטאַלטיקט געזען דיך אין חלום.
כ׳פאַרנעם אַן עלעגיש זינגען,
פון אַ פליט באַגלייט
ערגעץ איבער דער חמה־בריק.
ס׳ציט, האָבן חושך־ברעג איבערגעגאַנגען
צו נגינה פון נשמה
בבחינה היה ויהיה.

אָן דיר, הינדראַ,
ווערט פיינפול דער נעילה־שיר,
ס׳׳צאַנקט, זינקט,
ס׳זוניק־מערבדיק ליכט.

## כ׳בין געווען איינגעטיפט

כ׳בין געווען איינגעטיפט
אין אומענדיקן זשומענדיקן מישמאַש פון לעבן,
חלומדיק אויף בערג געקלעטערט,
גולמדיק איבער וואָלקנס געפּלאַטערט.

געבויט שלעסער אין לופט,
פאַרשוידערט מיט פּחד אַראָפּגענידערט,
איבער צעשטורעמטע טייכן געשווּומען,
אַריבערגרייכן האָריזאָנטישע הייך,
צו צעהעלט פעלד
מיט מימאָזן, רויזן און בלומען,
ווּו ס׳הישעט סאַפראַן־גראָז מאת אדמה
מיט אַראָמאַ־ריח.
אויף ביידע זייטן אָפּגענגלעכן שטראָז,
צווישן אַ וואַלד געדיכטן,
שטראַליק באַלאָכטן —
אַ געלויף און פאַרפאָר
פון אַוועקגעפּטרטע יאָר.

אין חיות שפּעטן
אימה־סטעזשקעס אויסגעטרעטן,
אַ געאיילטע זיקנה אויסגעביטן,
פּנים־קנייטשן איינגעשניטן.

איצט, קרוע ובלוא,
אין טעג מיר צוגעטיילטע,
כ׳שטיי אויף שמאָל־שלענגלדיקן וועג,
פון פאַרשווונדענער צייט.
פאַראַן אַ נאָענטער שפּאַן
צום טונקעלן גאָרטן
מיטן שפּיגל־שרעק פאַרן ברעג,
וווּ שׂטן־שאָטן פליגל צעשפּרייט.

ס׳גלוסט זיך נישט זינקען
מיט די געדאַנקען אָן אַ פונקען־שיין,
בלייבן ליגן אַליין
טאָג און נאַכט
מיט נשמה־אימהדיקער אומרו באַוואַכט
אין נעפּלדיקן גראָ,
פון הכול הבל.

# קאַרמילאָ

פון די פּאַשאָנאַדן

צויבער פון אַ געטלעכער מאַכט
איז אין דיין לייב און לעבן אריינגעהויכט;
צעצונדענע לוסט און גלוסט,
פּעמעניניש צעציטערט,
דורכגעלויטערט פאַרמוטערט.

זכרעריש קושן ביז אָטעם פאַרכאַפּן
וועט דיין ליפּן־ברען נישט אויסלעשן —
ליכט און שאָטן, רויטהאָריק־כישופדיקע מויד,
מיט רויזן־דופט —
מאַגנעטישע קראַפט באַשאָנקען.

ס׳ציט צו דיין פאַשאָן דעם מאַנסביל־מין,
ווי בלומען, אין זוניקן טוי געוואַשן,
זשומענדיקע בין, פליגל צעוויברירן,
בשעת נעקטאַר־טרינקען, מיט זאָמען פאַרפּאָלאָניזירן.

כ׳׳וואָלט ראַשיק, רייטנדיק אויפן פּעגאַז־לאָשעק,
איבער די אָלימפּישע בערג צו דיר געשפּרונגען,
שיר השירים הילכיק געזונגען,
ווענוס דע מילאָ!
בלוט־ און פליישׁ־קאַרמילאָ!

ווי מיט יין־שׂרף אָנגעזאָפּן,
בין איך גרייט אין שייטער פאַר דיר לויפן.

אַפראָדיט, אונטער אַ אַהבה־בוים־שאָטן,
האָט הײַנט אין דיר אַ תאווה אײַנגעבראָטן,
להוט פלאַטערנדיקן גלוט.

אויגן — פֿײַערלעכע אַמאָר־שטראַלן —
טוסט אין זעל מיר אָפּטער צילן,
נאַכט־שפּעט אויף אַ גיטאַר פֿאַר דײַן הויז
אַ סאָנעט זמרנדיק צושפּילן,
לאָקנדיק דיך אויף דער וועראַנדע אַרויס.

כ׳רײַט אַרום אין בהלה־צײַט
אויף צעפּלאָשעט פֿאַנטאַזיע־פֿערד,
אַ קריגער צווישן ווילדגעוויקס,
אָן ביקס, אָן שווערד,
יאָג איבער ניט אויסגעטראַכטע
מלחמה־פֿאַרפֿלוכטע טעג,
באַמערק וויסטן גרויל,
זאָג וואָס ס׳קומט אין מויל —
אַ מוסר געפּלאַפּלט פֿאַר פֿײַער און וואַסער.
נאָר אַז כ׳דערזע דיך,
ווערט כוח־הדבור אָפּגענומען,
נשמה אָנגעבריט,
ווי אין אַ ים פֿאַרשווימען.
כ׳וויל רוחניות אַרויסברענגען,
פֿון גאָלדן־לײַש אַ קרוין דערלאַנגען,
ווענום דע מילאָ —
בלוט־און־פֿלייש —
מיך בר־נש אָנהייצנדיקע, רייצנדיקע קאַרמילאָ!

## אין בין־השמשותדיקן שטילשטאַנד

אין בין־השמשותדיקן שטילשטאַנד
לאָמירביידע אַוועק מיט היילקן גלויבן,
איינגעקאַרבט אין מוח פון שאַרבן —
אויפן שקיעה־שטעג, מאַת פאַרלאָפענע טעג,
אַריבער זוניקן האָריזאָנט,
ווו חלום איז אַנטרונען.

אין יענער זייט גליענדיקע בערג פון גאָלד,
בוימער־וואַלד מיט בליענדיקע צווייגן,
נעסטלען שלום־טויבן אין ראַזאָווע צייט־פאַרבלענד.
דאָרט וועלן מיר געפינען טרוימיקן שטראַל־אָפּשיין
מענטאַל אויסגעשליפן,
ס'היימישער זיין מיט די חיותדיקע מינוטן
פון טריף־בלוטן אַרויסגערופן — און פאַרשווינדן.

ס'איז כדאַי ביי די צעצונדענע ראַנדן
אַריבער דעם פורפור־טייך, דורך שייד־סטעזשקע,
אויף שטייגנדיקער הייך זיך פאַרנעמען,
צו אור־חיים־ריטשקע אָנקומען —
נישט דאַרפן אין בלאָנדזשענדיקן וועג
מאַת פאַרלוירענע זון־קנויטן הבדלות פלעכטן,
שמאָלע, פינצטערע מסלה באַלייכטן,
נאָר, בערך אין אַ רגע, מיט קפיצות הדרך,
נאָכן שאָרך פון אַ לינד אָוונט־ווינטל,
מיט יאָרן פאַרבליבענע אַ בינטל,

אַריין אין אַוראָראַ־לאַנד,
ווו שטראַלן־טענער,
צעוויברירטע, פאַרסימפּאָנירטע,
אַ גאַנג־געקלינג,
באַגלייטן געזאַנג,
בעת אולטראַ־בליצנדיקער שיין
דרימלט וואַכנדיק איין;
דאָרט תמימות־רו געפינען, אין שאָטן פון בוים־בלעטער
מיט אַ זעפיר־ציטער.
נעסטלען, צווישן די חלומות,
גאָלדיקע בתוך מוח־שאַרבן געשפּונען,
וואָס זענען ווייט,
ווו זון פאַרגייט,
וואָלקנדיק צערונען.

זיצנדיק ביינאַנד
אונטער בוים־שאָטן
בתוך עדן־גאָרטן,
וועלן מיר ביידע ביחידות
ביז די ימי המשיח
לעבן־סודות בזכרון איבערזינען;
פאַרלוירענע יאָרן,
אין מינוטן אויסגעביטן —
מיט נשמה־שנירלעך פאַרבינדן,
בתוך די חמימה־בלוטן
פון האַריץ־ווונדן —
שממהדיק נישט צו פאַרוויאַנען.

## ווינט־געוואַי

אַ שטורעם־סימפאָניע
אויף סכנות־סטרונעס
פון אַן אוראַגאַן;
סאַטאַן־מעלאָדיע,
געוויין פון בלוטיק־ווונדיקע,
שחת־בראַנדיקע,
בייזע רוחות;
אַ יאָמער־זאַווערוכע
מאת עמק־הבכא,
בתוך אַ געוויכער אויפגעטראָגן
פאַר דער פמליה־של מעלה.
פיינלעכן געשריי אויסצוקלאָגן,
שכינה פאַראָבלען.

יללות, אויף ווירבל־פאַליעס געשלייפט,
אָדם־קולות אוים לילית־חלילות צעפייפט,
האָט אשמדאי, אַראָפּ פון זינען,
מיט אַ שוויפּטשעריי פון ימי־קדם
אין אַ טאָרנאַד־נעץ פאַרשפּונען.
אַ וואַי־עלעגיע
אוים חשכה־טאָל,
רציחיש אָנגעשלאָגן,
מחבליש ווינטיק,
ווייטיק־פאַרדרוס אין קאָסמאָס
אַריינצוזאָגן —
מאת ערד פאַרוועמט מיט זינד,

מדבּרדיק פאַרלאָזן —
אַ להכעיס־רשעות פאַרן אל שדי
אויף ציקלאָן־האָרן געבלאָזן.
העכער די כמאַרעס,
איבער די תהומות זיך צו פעדערן,
אין אוניווערס מהומות איינצושווידערן.
די אימה אַרויסגעדיבּוקט פון מענטשלעכער נשמה.
יסורים מעפיסטאָפליש באַשאַפן,
מיט גרויל פון רוח־קדים־מויל,
אַרויסצופייפן.

אַ שטורעם־סימפאָניע
אויף סכנות־סטרונעס
פון אַן אוראַגאַן
סאַטאַניש אַרויסוויברירט,
אַ טייוול־מעלאָדיע,
אויף ווינט־כוואַליעס צעפירט.
בני־אדמס
שאול־ווידער־קול,
פון דעמאָן ציקלאָניש אַרויסגערופן.

## מיין וואָרט

זאָל מיין וואָרט,
בעת דעמערנדיקן פאַרנאַכט,
זיין אַ שטראַל צו מענטשלעכער זעל,
גלוט מאת צעוואַרעמטן בלוט,
ליכט פון רוחניות־צעניסקערטן קנויט —
אַ בענקענדיק צאַנקען,
שייכות מיטן זון־פאַרזינקען,
אין ים אַ צעצונדענע רויט.

זיין נשמהדיקער אַרויספלאַם בבחינה תחינה
אימהדיקע בעל־השם כוונה,
שטייענדיק ביחידות
בתוך טונקל בילד פון וועלט,
קעגן געזעמל שטערן־פינקל אין הימל,
פאַר קידוש־לבנה
אַ בעל־בכיה,
זוכה ווערן,
מיטן להבהדיקן האַרץ,
מחשבהדיקן שׂכל.
דערנענטערן זיך צו כביכול.

— זיין געדאַנק פון אויפגעבליצטן טראַכטן —
אַ מעטעאָר־פונק,
גלײַיקער־דורכפלי.
די תבל־חשכה —
אַ יהי־אור פון השגחה אויפגעלאָכטן
אין תהום בלינדן —
אויסגעלאָשן נישט צו פאַרשווינדן.

צו וואָס דען אַן אדם-וועזן געקומען,
די ווונדער-ווייטקייט דורכצורוימען,
אויב נישט בעתן דורכאייל איבערלאָזן
אַ זרח-זייל-שבח, אין דברי הימים לוח
צום שוכן במרומים?
הימל-רויט דורכגעפירט,
אוצרות באַוויזן,
התפעלות אין מיר דערהויבן,
תפילות אַרויפצולויבן,
גערן נישט מאת אַסטראַל גאַלאַקסים
צו עפּר-אפר זיך אומקערן,
ווערעם אַנצוזעטן.

זאָל מיין צעפייערט געדיכט,
זיין אַ שטראַל-שליסל אויף ערד-קאַרוסעל
צו מענטשלעכער זעל,
ליכט אַ ביסל;
מיט קאַנעצדיקן שיין
פינצטער-וועגן דורכגיין,
אין די הייכן אור-קדושה דערגרייכן;
דערהויבן חיות-פלאַם
צו פלאַקער מדרגה פון אַ בעל-שם,
האָבנדיק ביחידות —
זיך אַריינגעדאַוונט —
אין די מאורות פון די אייבערשטע ספירות
מיט צעפינקלטן זינען אין סודות אלוהים
אַ תיקון געפינען.

# שטימונג צעשטערט

פון בעסקידן־ציקל

אויף פון שלאָף,
פאַרן זון־אויפגאַנג,
האָט פעטראָ, דימיטראָס יונג,
האָן־קריי דערהערט,
געזאָטלט אויף פערד,
סאַקוועס, בולבעס, ברוקוועס,
האָבער־פלעץ, סאַלאָנינע* זאַלץ אַ שקאַרמעץ,
עסנוואַרג פאַר די שעפער,
אַרויף אין פאַלאָנינע־געבערג,
נאָכן פאַרלובטן ביץ**
ס׳מילך־געמעלק פון שאָף.

טיפער אַרום די וואַסער־פאַלן,
מיט פייף־סיגנאַלן,
די פאַסטעכער גערופן.
זענען די הינט בילנדיק אַראָפגעלאָפן,
דער קודלאַק סאָפּענדיק פאָרויס,
אַ פּוס אָנכאַפנדיק,
זיך צעפּיעסטשעט געלאַסטשעט.
דער שייגעץ פאַררויטלט,
מיט אויפגלאַץ־בליקן,
האָט היסענדיק
סוקע־שטעקן.

---

* סאַלאָנינע — חזיר־שמאַלץ
** ביץ — שאָפענע קעז

אויפן פייערוועדק געטייטלט,
שטורקאַצן אויף דיביימער־שפּיצן,
פלאַמענדיקע בערג.

ביי די כלבים,
דער בלענד,
געמיינט פילוועריק ברענט,
וואָיענדיק אַרויפיאָגנדיק
מיט געבריקער
אַריין בתוך אוראָריקן געפּלאַקער.
פּעטראָ קעגן קאַיאָריקער פּראַכט צעלאַכט,
פּלוצעם דערשראָקן,
מאַת אַ ביקס צעקנאַלט,
ס'וואַלד־ווידערשאַלן דערהערט,
באַמערקט אַן איינגעדמט אָנגעיאָגטן פוקס
צווישן די סמערעקן* פאַלן —
האָט פאַרקלעמט הארץ,
אויגן צעטרערט.

* סמערעקן — טשעטענע ביימער

## ציגיינער-פּאַשאָן

פון בעסקידן-ציקל

דאַנילאָ, שלינג-שלאַנג, ציגיינער-יונג,
איז אין פריִיִקער מאָרגן-שעה
אַוועק אויף אַ ראַנדעוווּ צום צעצלמטן יויז.
בעת זיין פייפעריי-סיגנאַל,
איז אַרוים דעם שופטס מויד
אין רויט-געבלימטער שאַל
פון פאָטערס הויז,
צום כלאָפּעץ,
אָנגעהיצט פון פלאַמענדיקע גלוסטן.

דער דאָרפס-קאַוואַליר,
מיט אַ רוח-פלוך
און כאַמוליעשן זאַמאַך,
ווי ווילדער שטיר אויפגערייצט,
מאַת אירע באָמבעלדיקע בריסטן,
אונטערן שאַרלאַך-טוך
פון אַ להבה-תאווה אין גוף אָנגעפלייצט —
הייבט זי אויף בעת איר צעשרילט געוואַלט,
אין אַ כאַפּ-לאַפּ-געלויף, אַקעגן אָנטאָגן,
וווּ די אויגן טראָגן.
ס׳אָדער-פליסיקע זידט, בריט,
די קני זיך בייגן.

פֿאַרפּלאָנטערט אין אָנגעוואָרפֿענע צווייגן,
טוט פֿאַלן ;
ביידע קוילערן זיך אין זוניקן שטויב באַרג־אַראָפּ,
אַריבער דעם וואַסער־זשלויב *
אין צעשפּאָלטענעם פֿעלדז.
פֿון די לייבער זעצט אַ פֿייערבראַנד.
ליפּן אויף מויל און האַלדז פֿאַשאָן זופּן,
פּרוּוון מיט קושן
דעם דם־שטראָם
אין זיך לעשן.

פֿון ווייט־שטראַליקער טאָליקע,
מיט איר פּי אויף סטעזשקע,
צום וואַסערפֿאַל, אין טאָל,
טראָגט זיך פּאַסטושקע־געזאַנג,
קו־גלעקל־געקלאַנג.

אַ הירטן־יונג אונטער אַ יאָלקע
פֿאַרחלומט אין געמיט,
פּייפֿלט אוים אויף אַ פּישטשאַלקע
אַ פּאַסטאָראַל ליד.

* הילצערנער אויסהויל פֿאַרן וואַסערפֿלוס

## צו וואָס?

צו וואָס האָט די אייבערשטע השגחה
אוים אַ מדברדיקער אפלה אַרוים
מיך באַשאַפן?
מיט טרויעריקער מערכה
צו צעיסורימטע לייד
אין עדי־עד־צייט
האָבן כך־וכך־יאָרן אויף אדמה —
נישט מיט שטערן־וועג צעפינקלט,
נאָר דורך חושך־שליאַך
צום יסוד איינגעטונקלט,
אָן איבערגעלאָזטע שפורן,
אַ פרוש צום שורש זיך אומקערן?

ס׳איז מיר בשעת וואָגל מוראדיק פרעמד,
ס׳אויסטערליש אָפּשטאַמען,
מיין נאָמען,
שמיעה, ראיה,
ריח, טעם,
וויזיע, פאַנטאַזיע,
ס׳פולסירן פון די בלוטן
אין שפיגל־שאָטן,
שׂכל, כביכול־געשאַנק.
ווערטער־קלאַנג,
וואָס כ׳רעד אַרוים,
זענען ווי די געהיימנישן פון טויט
פאַר מיר אַ סוד.

איצט, אַ גראָער זקן,
אָנגעשפּאַרט אויף אַ דאָרן־שטעקן,
מיט אַ צעדמיונטן מוח
אין הימלישער הייך,
בין איך קליגער געוואָרן ?

אַז כ׳וועל אַוועק אויסגעגליט,
נעם איך עפּעס מיט,
אַהוין הרטה, פֿיין אויסגעבריטע,
פֿון פֿאַרבלאָנדזשעט זיין ?
אַלץ איז בתוך מיר פֿאַרהוילן,
ליד מאת הארץ פֿאַרמאָרעט,
אין גרוילן איינגעכמורעט.
כ׳שטיי מיט נשמה־צאַנק, נאָך ווירוואַר־דורכגאַנג,
מיט ערפֿורכטנדיק דראָזשען,
ביים עק פּרוזדור־ברעג,
מיסטיפֿיצירטן רוביקאָן*
אַריבערצובראָדזשען ;
בעת זונפֿאַרגיין אַריין אין שאוליקער אוממאַכט,
פֿאַרפֿינצטערט מיט נאַכט.

פֿאַר וואָס האָט כביכול
פֿון ערגעץ ליימיקן שטאָף,
אין אַ פֿליישיקן גוף,
אַ ניט בהמהקן
מיט שׂכל צעוואַכט,
מיך אויפֿגעבראַכט ?
כ׳זאָל אויף דעם ערד־קוגל אַרומשלאָנדערן,

* פֿאַרבאָטענער שטראָם, וואָס מ׳קען זיך נישט צוריקהאַלטן אַריבערצובראָדזשען

צו אים געבונדן זיין,
בתוך רוים — צייט פאַרשווינדן,
פאַנטאַזירן וועגן די פייערן אין אויסשפרייט,
וואָס בלאַנקען,

אַרויסוויברירן געהיימניש־געדאַנקען,
פון געבוירן אָן אַריינגעשווירן אין לעבן,
מיט די אַל־קרעאַטורן אויף יבשה, ים־תהום,
אונטער וואָלקן־הייכן, וואָס שוועבן,
במחשבה חכמת־הטבע באַוווּנדערן?

מיין אַוועק ווייט,
איז דורך חשכה —
צו נצחדיקער שכחה.
ס׳זאָל מיך כאַטש באַגלייטן אין ווידוי־צייט.
אַ יגון־ניגון,
איינצושלאָפן בתוך זריחה —
וואָלט מיר געווען ניחא.

איידער ס׳שליסן זיך די אויגן.
כ׳בין געגן הערן
אויף פידל־מיט־בויגן
ס׳נשמהשע אויסשפילן,
וואָס טוט הוירן
אין מיין לב־פּוסטעניש,
ווי אַ פייף איינגעפרוירן.
כ׳זאָל קענען ווייִן־קלאַנגען אַרויסברענגען.
אַ פּאָר־פּטירה־זמירה
מאת זעל־טיפן אַרויסרופן.

ס'וואָלט די מעלאָדיע געווען,
אַ סאָלאָ-באַגלייט פון אַ לעצטער סימפּאָניע,
פאַרן אַריבער
דעם מיסטיש-נוראדיקן רוביקאָן.

ס'זאָל כאָטש אַ זשוק-פאַקל,
וואָס זיך צעבלישט און לעשט,
צי קאַנעץ אָנגעצונדן,
אַריבער גרענעץ פון אייביק נאַכט,
אָפּל בלינדן באַלייכטן.
מוז דער אַהין אַוועק
זיין איינגעממיתטע אין טונקעלער שרעק?

# די מפולת־שׂרפה

פרעג ניט פאַר וואָס
ס'האָט מיך באַטראָפן אַזאַ משוגעת,
כ'בין אַרוים פון מיין שטוב ביי נאַכט,
ווי אַ רוח בייז און טריב,
אָנגעצונדן ס'פאַרלאָזטע מפולת־הויז
פון מיין פאַרשטאָרבענעם שכן.

זענען די שטשורעס פון די נאָרעס
אין קעלער־טיפן זיך צעלאָפן,
די שוואַרץ־עכבישדיקע אלמנות און טאַראַקאַנעס —
אין שפּאַרונעס ווו פאַרקראָכן.

דורכן שטרוידאַך־לאָך,
האָט אַ וואָלקן־רויך מיטן דושנע ריח,
אוים נעסטן חשכה,
פון אונטער דער סטריכע,
אַרויסגעטריבן די פלעדערמייז —
צעוויכערטע פליגלדיק געהעכערטע,
איבער די צעטראָגענע פונקען. —
געמיינט: דאָס שפּרינגען גלי־זשוקעס,
גלאַנץ־פליגן,
פייער־גרילן,
און להוט־געוואָרן זיי פאַרשלינגען,
הונגער איינצושטילן,
ניט געאַנט, בעתן נאָכפליען,
קוואַפּען,
אין פּיסקל כאַפּן, זיך וועלן אָפּבריען.

געטריבן צו אזא שגעון —
האָט מיך דען געאַרט,
וואָס שטשורעס און ראַצן גריזשען
די חכמה פון אַ גאון, פאַרבליבן
אין אַלטע ספרים פאַרשריבן?
אַז אָן לופט, פאַרשפּאַרט אין באַלקן־ווינקל,
די שפּינען מיט פּאָדעם פון בויך,
די צייט פון זייער טונקל לעבן
אין פּאָוויאַטינע פאַרוועבן?
צי גייט עס מיך אָן, אַז טאַראַקאַנעס
פּאַלן אין פאַרפּלאָנטערטע געוועבנעצן אַריין?

פאַר וואָס האָט עס מיך געטראָגן היציק היים
מיט פלאַמיקן רויך פון פינצטער־נעסט
די פלעדערמייז אַרויסצויאָגן?

ס׳האָט אויסגעדאַכט,
אין דער אויסגעשטערנטער נאַכט
די פונקען זענען גליווערעס וואָס זינקען
אין איינגעשאָטנטן זומפּ —
פון ווו ס׳איז צו הערן ס׳זשאַבענדיק קוואַקען,
ס׳וואָראָנענדיק קראַקען,
אַ סאָוועדיק וויינען.

## מיט שׂרף־פליגל

מיט אויסגעדימיונטע שׂרף־פליגל,
נשמהדיק דערהויבן —
בין איך מסוגל
אויפצושוועבן
איבערן עולם־השפל
דעמאָניש, סאַטאַניש,
אָפּלדיק געזונקען,
צעבושעוועט
בתוך אַ מלחמה־מהומה...

פון ערד מיט חרב־חרובדיקער זינד
כ׳וועל געטראָגן בתוך רוים געשווינד
איבער קאָסמישע ספערן,
פאַרפינקלטע מיט שטערן,
לאָזנדיק הינטער זיך
צעאַקערטע גאַלאַקסים מיט צעפלאַקערטע
סופּער־זונען „קוואַזאַרן״ *
שׂרפהנדיק אין חלל אַרום,
צעוויטערן דעם אוניווערז,
פאַרלירן אָן שפּורן אָפּלויפנדיקע צייטן,
שפּרייטן עאָנס פאַרוים...

פאַנטאַזיע,
פאַרשיכורט מיט אַמבראָזיע,
זעליגט אויס אַ וויזיע
מאת די כדורים שטראַליק־שפּיניקע,

---

* מאָנסטער־פייערן

ווייט אַנטריניקע,
אַ נצחדיקער געיעג,
צעפּאַלנדיק
ליכט אויף קאָסמאָסשן שטעג,
אין אַוועק־בריחה
איבער הריסותדיקער מדבר,
בתוך חשכה איינגעריכט.

אין רעיון טוט אויפּאַנען
אָנהויב, פונקען־שטויב,
פון כאַאָס־גריד אַרויסגעבריט,
בתוך כל־עולם וועלאָסיטיש איינגעגליט,
בריאה־תחיה זאָמען, מאת באַגינען,
פלעמלדיקע אַטאָמען
צעתבלן דעם דרויסן.

טומלדיקע קאָמעטן,
גאַזיקע פייער־שחקים
איבער תוהו־ובוהודיקע עמקים,
שטורמיק צעשוומען,
כוואַליק צעבושעוועטע,
דונערדיק אימהן
בעת ווילדן געלויף,
אין אַ קאָמבאָסטיוון צוזאַמענשטויס.
אורקרעפטן טליען אין מיר
מיט די גלגלים, שׂרפים, אלפים,
שיינענדיקע קיילעך־גופים
זיך צו באַהעפטן —
אייביק אַרומיאָגנדיקע און צעטאָגנדיקע

אַ מאורהִ־רויט,
אל־שדי סוד.

ס׳האָבן פאַר מיר דורות מענטשן בצלם־אלוהים
ס׳ליכטיק בילד פון דער וועלט
געטאָן בענטשן,
מקדש און מחדש זיין מיט געזאַנג פרום,
אויף און אונטערגאַנג
מאת אַסטראַל־מאורות,
שוועבנדיק בתוך מיאַזמאַ־ים, חלל־תהום
גרונטלאָזן, ווי טומאַן־פאַליעס
ציקלאָנען צעבלאָזן.
אַ העלמראַהדיק ווערעניש
און אַ כמורעדיק איבערקערעניש.

ס׳זענען געווען פריער פאַר מיר מיסטישע אַסטראָנאָמן,
וואָס האָבן געקענט ס׳גשמיותדיקע אָפּשטויבן,
זיך רוחניותדיק אין די ווייטהויכן דערהויבן,
מחשבה שאַרף שלייפן,
מעשׂה מרכבה צו באַגרייפן.

ס׳האָבן לאַנג פאַר מיר דענק־ברואים, אויף פּלאַנעטן,
מיט שׂכל זיך אַריינגעחודשט,
אין די פלא פלאים,
בקול רינה מבורך געווען,
מיט אַרויפגעהויבענע הענט,
כבְיכול שכינה,
בתוך כל־עולם איינגעבלעגדט.

גדולי־הדור,
וואָס געטלעכקייט האָט ביי זיי אויסגעברענט,
וואַנדערן אַריבער דעם יראה רקיע־האָריזאָנט.
ניכטערע אַסטראָנאָמ־וועכטער
קוקן דורך טעלעסקאָפּן,
מעטראָנאָמירן, קאַלקולירן, דעשיפרירן,
מיט פּען און טינט שטראַלן־בלענד
מאת רוימיקער ווייט און צעפליגלטער צייט,
זיך דערהויבן צום מקור פון אור־אור,
צעדריבלען דעם אַטאָם אויף דרויב,
שורש־חיים און קיום,
זוכן יצירה־שטויב
דורך מאַגניפיי־שויבן —
צו ראיה דערנענטערן בריאה פון בראשית,
אויספּלאָנטערן, דערגיין צום קדמון־שיין:
ווען ס׳לעבן אָנגעהויבן?
האָט זריחה איבער זיך
אָן אייבערשטע השגחה?
וואָס פאַרא אומזיכטיק געשטאַלט
צעליכטיקט די וועלט?

איך, ס׳פּיצל — זעל־קניטל אין געדאַנק אָנגעצונדן,
ניט ווי גוף צו ערד געבונדן,
אויסגעווייקט און אָנגעזייגט
מיט ברענקראַפט,
אַ זאַפט ס׳חיות אָנצוהאַלטן —
בין ניט זעלטן אַזוי צעפּלאָמט

מיט אַ יראה־שמים שיכרות,
מאַת תפילהדיק געבעט
בתוך מיר משפּחהדיק איינגעפּרומט.

כ׳פלאַטער אַריין מיט נשמהדיקן ציטער,
אין אוניווערז.
אָרבּיט אַרום — בדמיונדיקער מחשבה־לויף
ביזן אומקום־סוף,
אַ ברענענדיק ליכט
צווישן די מאורות־גדולות
בין־השמשותדיק צעצאַנקט —
ווער ווי אַ מעטעאָר אָן שפּור ביי נאַכט,
ווערן אין פינצטערניש איינגעזינקט.

## נייעס פון טאָג

בעת אויפטאָג —
מענטשלעכער דבור־קלאַנג
דורך ראַדיאָ־כוואַליעס
וועגן שאיות, נייעס־רעות,
געהערט פון די פיר־ווינקלען אויף דער ערד.

אַ טאָרנאַד,
מיט שטורעם־קולות ווינט־יללות,
ציקלאָן־געפילדער,
צעשטערט דערפער און שטעט.

ס'ווערן ביימער אויסגעריסן,
טייכן — צעפלאָסן;
שטעגן, פאַרוועגן, פעלדער —
פאַרפלייצט פון אַ גאָס־רעגן;
אדם־בריות, היים־חיות —
בתוך הייזער און שטאַלן פאַרשווימען.

אין צעבושעוועטן ים שיפן זינקען,
ווערן מענטשן דערטרינקען;
אַ מאָנסון רוחעוועט, וויכרעוועט איבער סאַיגאָן;
אַן אַפריקאַנישע קאָלאָניע
אין געוואַלט־רעוואָלט;
המון מאַסן אויסגעשאָסן.
אַרום עקוואַדאָר האָט אַ היישעריק,
קרויט און תבואה־ברויט צעפרעסן;
בתוך קאָנגאָ,

פון פלייפליגן צעביסן,
פאַלן בעלי־חי גסיסהדיק אין די גאַסן.
פייער־שפייער מאַונט־טאַל *
פון שלאָף דערוואַכט,
רעוועט, לאַווע בליוועט,
צעפּלעמלט רויט,
אָנעיפּושדיק טויט.

וויעטנאַם־מיסלם
באָמבאַרדירן וויעטקאָנג־שטעט
מיט דינאַמיט און גאַזן,
הורבעס חורבות איבערלאָזן.

אַ דזשעט מיט אַן „עם־אַ־עם״ צו וועלט געווענדט,
איז אין פּלי־פּאָרן צעשמעטערט געוואָרן —
פּאַסאַזשירן פאַרברענט.

אין געלויף,
האָט אַן עקספּרעס אַן אַ לאַסט־צוג,
זיך אָנגעשטויסן,
פאַרזען סיגנאַלן וואָרנדיקע
אין פאַרנעפּלטן דרויסן,
דערהרגעט און פאַרוווּנדיקט פאָרנדיקע.

אַ שכן אָנגעשיכורט,
האָט אַ נאָענטן
פאַר אַ חוב געמאָנטן,
מיט אַ קינזשאַל דערשטאָכן.

---

* ווולקאַן

צווישן אינדיע און פּאַקיסטאַן
מלחמה פּלאַקערט.

אַ מאַמע און קינד
מיט אַ ווינד־וויטיק שאַרפן,
האָט דורך אַ הויך־גאָרן־הויז,
מיט ווילדן שטורץ זיך געוואָרפן.

אַזוי טאָג און נאַכט,
מאַת ראַדיאָ־רערל
צי דורך טראַנזיסטער
פון ערד וויסטער
די בשׂורות־חדשות
ווערן אויפגענומען.
ס׳חיות אַטראָפירט
מאַת גייעס פאַרן שלאָפן,
דאָס קעסטל פאַרמאַכט,
פאַרלאָשן דאָס ליכט.

## וואָס פאַראַ ווערט האָט ס׳אָנגעפּינטלט וואָרט ?

וואָס פאַראַ ווערט האָט,
ס׳אָנגעפּינטלטע וואָרט מיט טינט,
אַז מ׳קען נישט אַרויסשלאָגן פון אות.
מיט פלינט און קרעמען
דעם פונק,
אָנצוצינדן פלאַמען,
אין קריגעריש איינגעשטיינערט האַרץ,
אויפצוציטערן פאַרפינצטערטע זעל,
פון די טמאים־ברואים.

דער שמע־ישׂראל־געשריי
אַ מיליאָנען־מאַסנדיקער הילפסרוף
פון געטריבענע צו שחיטה —
מאת דעם הון־כלב און קריסטלעכן ערב־רב,
האָט ביי וועם פון בן הצלב פרוס,
אַ בלוטיקער נפש־פאַרקלעם
געטאָן ס׳מויל פאַרקרימען?
וואָס פאַראַ ווערט האָט ס׳אות,
מיט פען־קריץ פון נשמה אַרויס,
אַ שטראָף־טראַף
אין אַן אָפּגעקילטן קודש־כתב ?

קען אַ פּעולה די מגילה האָבן
אויף בני החרב פון שתי־וערב,
אַז דער מאָרד וועט זיין באַשריבן ?

ווי אַזוי ווירקן?
וועט מען חרטה מערקן אויף די נבלים
ווען מיט כליפּעדיק וויינען,
וועט זיך דאָס אַרויסלייענען?
סיידן, ס׳קלאָגן
זאָל מרודהש אין אַ שטורעם זיך צעוויקלען,
טרערן-וואָלקנס אָניאָגן.

כ׳וואָלט וועלן טיר און טויער צעפּראַלן
פון די קרייץ-קאַטעדראַלן,
ניט פאַרשווייגן דעם ליגן,
וואָס פּוסטער פּריסטער האָט צו זאָגן
צו די פאַרבלוטיקטע ערלים,
קניענדיק פאַרן צלם
מיט אָפּגענומענע פּים,
און הערן וועגן פּאַראַדיז,
וואָס שטייט אָנגעגרייט,
פאַר די געטויפטע רשעים
פון די חטאים אויסגעקויפטע.

דער כומר אין כהנה-גאַרב
יעזויִטיש צעצדקט,
פּרעדיקט
זדון בייזן בתוך שכחה פאַרפּרירן;
ראָט מערדערישע לייט
מאת לעצטן מאָלצייטווייַן
טועם זייַן —
נוצרים זינד-כפּרה.

וואָס פֿאַרא ווערט האָבן מיינע פּוסטע רייד
לייד אַרויסגעברענט?
וועלן זיי צעפּלאַקערן די קלויסטער-ווענט
די צעמאָליעטע
מיט פֿלאַם-פּלוכן פֿאַרסמאָליעטע?

ווי וואָלט געווען
אַריינצוקוקן
אין אַ פֿאַרגלייזטן אויג
פֿון אַן אויסגעגאַנגען קינד
צו זען ס׳חשכות איינגעלאָשן?
אפֿילו שדים וואָלטן זיך צעיושען,
האַווקענדיק ווי הינט.

ס׳איז נישטאָ אונטער דער זון
אַ געמיינער אויסטייטש, מאת ווילקירישער שלאַכט,
פֿון הון-דייטש פֿאַרטראַכט.
אַ כמאַרע-שׂטן —פֿון מיליאָניק לעבן
טויט שוועבן איבערן טויטן-גאָרטן,
פֿאַרמאַנסטערט, איינגעפּינצטערט.

אויך צו סלאַוון-לענדער מיטן פֿינגער כ׳טייט:
זאָלן די שענדלעכע בעלי-חטא פֿאַרגולמט,
הונדערט מאָל געצלמט,
זעען וואָס ווייסרוס, פּויל, אוקראַינער, ליטווינער
און אַנדערע לענדלעכע לייט האָבן אָפּגעטאָן.

וואָס פּאַראַ ווערט
האָט ס׳אָנגעפּינטלט וואָרט מיט טינט,
אַז כ׳קען ניט אַרויסשלאָגן פון אות,
ווי אויס פּלינט און קרעמען,
אַ מעטעאָרישן פונק,
ס׳גוויִשע האַרץ צו צעפּלאַמען,
שואה־שחת שאול דערמאַנען;
אויפּציטערן ס׳פּאָטערל פון רוים,
פון גייות די נערוון ביז פּלאַצן אָנשפּאַנען,
אַ שגעונות אין די געהירן אַריינבליצן.

ניט ס׳שווענצלען וועט די חטאים
פון די רשעים אויסלעשן —
אין מאַרכן־מוח שׂרפהש איינגעבלענדט,
ניט די נבלות פון זינד
מיט מיליאָנען־טבילות אָפּוואַשן.

דורותדיקע עון־אבות פאַרשייט
אויף אדמה
אין אור־קינדס
איינגעבלוטיקטער נשמה
וועט די דרייאייניקייט
ניט מכפּר זיין.

# מיט אַ זיפּ אין די הענט

כ׳בין פרי אַרויס פאַרשמאַכט,
פון שטוב, מיט איינגעשטויבטע ספרים,
געהאַלטן אַ זיפּ אין די הענט
אַריינצושעפּן זון־פינקל
אין די פינצטערע חדרים —
האָט מיין שכן פון מיר געלאַכט:
ר׳איז זיך ניט משער, דער נאַר, ווי טונקל
ס׳איז צווישן די קויטיקע ווענט.
ס׳נאַדיעט זיך אריין
אימה־מורא אין געמיט,
פאַרגליווערט אין בלוט אַ מרה־שחורה.

דרום, ווען פון שלאָף זיך דורכגעוועקט,
מיט אַ דראָזש ווי פון קעלט
דערזען אין לאָדן־שפּאַלט
אַ ליכט־שטראַל צעטאָגט —
איז מיר אַריין אַן איינפאַל:
צעפּראַלן פענצטער און טירן,
מי ניט שפּאָרן, פאַרנאַרן,
דעם זריחה־זיו כאור הבוקר.
און צום נאָכקוקער געזאָגט:
— מיין געדאַנק איז ניכטער,
קיין שום שׂרף־טרינק אין שלונג ניט געהאַט.
כ׳בין מער ניט קראַנק.

דער פיבער פון הויכן גראַד
איז לאַנג שוין אַריבער.
ניט ליטיש, שוטהש,
איז שפּאַטיש געלעכטער.

מיר דאַכט — זאָגט ער מיט אַ שמייכל —
האָסט שׂכל פון אַ קינד,
ס׳לעבן האָט דיך ניט קליגער געמאַכט.
ענטפער איך דעם ניט־חנפער:
— די שפּין כמעט בלינד,
וועבט אַריין אין איר מאָרגנגנעץ
דעם בליץ־בלישטש פון דער זון,
וויל איך אויך באַלייכטן מיין וווין־באַזיץ.
כ׳שעפּ אַריין דעם זריחה־בלענד אין שטוב
פון זון־זיו, וואָס שווימט אויף.

מיין שכן דער תנא טוט לאַכן:
— צו פאַרשטיין איז דיר שוין צייט.
ביסט גאָר ניט מחדש.
צו אור השכינה, כביכול־מתנה,
האָבן אייביק,
אָן פּעולה,
אין זייער בית־התפילה
אַזוי געטאָן,
די בעלעמער לייט.

# מאַדאָנעאַ

פון די פּאַשאָנאַדן

ווען דיין בענק־סיגנאַל פון נשמה און גוף
האָט אַ שטראַל אין מיין חלום בלינדן אָנגעצונדן,
מיך אויפגעטאָרעט פון שלאָף,
האָב איך נאָך אין בעט
במחשבה פאַנצערדיק זיך אויסגעסטרויעט,
זעל־שיכורדיק דעם דמיון־דזשעט אָנגעפּויעט.
דער טאָג האָט אויפגעבלענדלט
בין איך פייל אויס בויגן,
געפלויגן
מיט אַן אַמאָר־משוגעת צום מירמל־שלאָס,
ווו ביסט פון אַ מכשף־שייך אַ הרי־חושך־תושב,
איבערן סמבטיון־טייך ווו לייב און טיגער הויערן,
אין זיין צויבער־נעץ היפּנאָטיש איינגעשווירן —
אויספּייען ווי אַ פּרינצלעכער ריטער,
מיט כלי־זין
אויס פאַרשאָלטענע גיטער
פון אַלטן תרח דיך באַפרייען.

ס׳זאָגט מיר אונטער אַ קול:
נימ אַזוי שנעל.
אין געיעג אויף לאַנגן וועג
מוזן שווינדנדיקע טעג אָנלייגן,
אויף פעלזן־בערגער שטייגן, איבער שפּועם קלעטערן,
נעכט דורכציטערן,

ווי הוראַגאַנען וויכערן,
נעפּלען רויכערן,
פון פייער־שפּייענדיקע ווולקאַנען.

כ׳וועל ווי סערוואַנטעס׳ העלד,
שטן זיך האָבן אַקעגנגעשטעלט,
להכעיס־רוחות אויסוויכן,
דעם ציל צו דערגרייכן.

פאַר נאַכט, ווען הימל איז אין פלאַם
מיטן שקיענדיקן זונליכט,
ציילסטו די רגעם
שיקסטו אַ נשמה־סיגנאַל,
אַזאַ עלעקטרישן שטראָם.
ווערן אין חלום־תהום
ליבע־ווונדן אָנגעצונדן,
כאַפּ איך זיך אויף פון שלאָף,
פלי אין מיין דמיון־דזשעט,
צום כישוף־אָרט, וווּ זיצסט פאַרשפּאַרט,
באַטראַכט די פליטערלעך אין זיידן־קלייד
מיט מעסמער־פעדעם איינגענייט.
שמייכלסט ביטערלעך וואַרטנדיק אויף מיר —
לאַנצעט און מעסער־פעכטער —
אַוועקצוטויטן דעם רויטן סרים־וועכטער,
באַפרייען דיך מיט פאַרכישופטער שווערד,
ווי דאָן־קיכאָט, האָבנדיק פאַר דאָלסינעאַ,
שלאַכטן געפאָכטן.

כ'האָב אין חלום אַ בריוול געלייענט:
זיצסט אין תּפֿיסה איינגעקאַרצט, וואַרטסט.
באַהאַרצט ציילסטו רגע און מינוט,
ס'ווערן זאַלציקע טרערן
פֿון דיין בלוט
אַרויסגעוויינט.

## ווענטילאַטאָר

כאור הבוקר,
ווען גרויס־ניו־יאָרק
ווי פון אַ פאַרשיכור־געטראַנק,
אין חלומות פאַרטיפט,
אַן אומרויִקע שלאָפט —
פעדער איך זיך אַרויס
אויפן ברעטער־גאַנג.
הער דעם אָקעאַן רוישן,
שטורעמדיק איבערוואַשן
מיט גיפט פאַראומרייניקטע לופט,
כרך־אויסדעך,
מאָטאָרן־גאַז, פאַרע־פּלום,
צעטשאַדעט,
מאת אויסשטוים־רערן אַרויסגעהודיעט,
אויף ים־געזועצט,
אַ סם־פאַרהויכטע נעפּל־פּלאַכטע. —
טוט ער כוואַליענדיק
שוימיק ווענטילירן, פילטרירן,
אָטעם־אויסלאָד עיפּושדיקן פון שטאָט,
שטיקגערוך געדיכטן,
נעכטן אַרויסגעסאַפּעט.

גראָ־קויטיקע פעטראָל־נעבולאַ,
אויפגעוואַכטע אַ צערוחטע
ווייט רויכנדיק אַוועק —
אַ ראָז־רויטיקע אין זונשיין צעגייט.

פון אַלאַרם־זייגער אויפגעשרעקט,
עולם — זיך צעוועקט.
ס׳ווערט צו אויטאָ־באָס און עקספּרעס־צוג אַ געיאָג,
פון פאַבריקס־רוף אַ טרובעדיקער שאַל
צעזדראַכעט זיך מעטראָפּאָל.
מאַסן ניט אויסגעטשוכעט,
מיט באַן און מאָביל־וואָגן,
מאת אַלע עקן אָנגעטראָגן —
מענטשן־געמיש פון לענדער —
איילן איבער די גאַסן,
כאַפּן אין דרויסן,
ביי אַ שפּייז־שטענדער אַ ביסן,
כוח צו געווינען,
להוט צו קיין מאָל זאַטן געלט־שד,
מיטן אָפּטראָג פון טאָג,
עשירות אָנצושפּינען.

ים שושקעט זיך איין,
ציט זיך קריק.
אין אָפּגעפרישטער אוויר,
שפּאַציר איך און טראַכט:
וויפל קרבנות פון המון
צום מולך־מאַמאָן געבראַכט.
פאַר מיין בליק,
זענען אויפן גאַסן־זאַמד,
די מושלען ווי דיאַמענטן פון זונשיין צעפלאַמט,
געננוג אוצרות פאַר מיר.

## געהייליקט ליד

זיי געהיט, שאַרפֿע צונג,
ניט מיט בליעלס אַריינצודרינגען
אין אַ ליד, וואָס שפּאַרט פֿון זעל,
דורך קעל זיך אַרויסצוזינגען.

צעפֿלאַטערט האַרץ אויפֿגעציטערט,
ניט אויף אַ קרעמען קאַלטן,
פֿון אַ שד פֿאַרשאָלטן צוגעטראָגן,
ווערן נשמה־פֿונקען אויסגעשלאָגן,
פֿייער־זאָמען אין אַ געזאַנג אויסצופֿלאַמען.
דאָס אָנגעפֿינטלטע מיט פּען
איז אַ שיר־שבח אויף פּאַפּיר,
פֿאַר עמך ביי דער רוסיש רשעות־מאַכט
פֿון טראַנס־פֿינצטערניש אויפֿגעוואַכט,
הייבנדיק האַנט,
פֿון נפֿש טיפֿן אויסצורופֿן
בקול רם:
אונדזער היים
איז יידן־לאַנד!

גיי־אויף, יובלענדיק שׂרף־שטים,
צו די קשי עורף,
מיט פֿאַרגוויישטע דמים
געפּרוּווט ס׳אומה־פֿייערל אין נשמה דישען,
להבות־גלי איינצולעשן.

פֿאַרערלטע חבֿרה
פֿון אָבֿות־שטאַם
רופֿן איצט אויס בקדושת השם
אין עבֿרי־געשריי:
עם ישׂראל חי.
ווי אין פֿאַרוויאַנעטע גראָזן,
האָט טליִענדיקן ניצוץ אין פֿלאַקער,
רוח אלוהים צעבלאָזן.

מיט אַ שווידער־געדראַזש
פֿון רויך און סאַזשע
אין זעל וויסט איינגעריסט
קומט אויף פֿאַרגרימט מיט גאַל,
אָן פּחד,
אַ תּחית המתים־שאַל.

יחיד און קהל
מיט וווּנדיקן געווייסן,
פֿון אַ קאָשמאַר אויפֿגעריסן,
גלוסטן מאַת נייעם בייזן
חושכדיקן מצרים זיך אויסלייזן.
מיט תּורה זיך פֿאַרחופּהן,
ביים ירושלים כּותל די גאולה
אין אַ תּפֿילה אויסכליפּען.

ס'איז קללה ניט אַראָפּצושלינגען.
כ'טו פֿאַרדאַמען נבֿלה־פֿאַרברעך
פֿון די, וואָס האַלטן מיין אומה געפֿאַנגען.
כ'הער טייוול־לאַך
בשעת מנוולן שקר־בלבולן.
שענדלעכע כּזבֿים הארץ צעבלוטיקן,

רשעות־טשאַד שד אַנזעטיקן,
די בני־הדעת
ס'ליגנעריש משוגעת אַרט:
פאַרן עפּענען מויל ווערן אין דולהויז פאַרשפּאַרט.

ווויל די פון גרויליקן בלאָמאַזש ניט באַטייבט,
ראוי צו זען סקעלעטן־נבואה,
עפר ואפר ביי די סאָוועטן,
פאַרנשמהט און באַלייבט,
מיט צעשוידערטן דם אין די אָדערן,
פאָדערן,
צום אויסגעבענקטן לאַנד,
זיי פּרייצולאָזן,
ביי מערב־וואַנט גאולה אין שופר בלאָזן.

גיי אויף, מיין ליד,
אין נפש־טיפעניש אויסגעבריט,
צום עם־סגולה אַ יובל יאָרן.
אַסימילירט, אַטראָפירט געוואָרן —
אין נשמה איצט
אומה־פייערל אויפגעבליצט
צו עיר הזריחה.

פלאַם אויף, מיין זמירה,
אין אַ ברכה,
צום גואל ישׂראל,
וואָס אַנטפּלעקט אין מיין עת השקיעה,
דעם נס.
אַ שבח צום אויפוואַך מאת די
פון היבערנירטן דרימל.

כ׳הייב הענט צום הימל,
וואָס אין מיין בין־השמשות
איז זון אויף חידושות
פון נעפּל אַרויס,
פֿאַר מיר שוין לאַנג ניט געוויינט —
אין פֿאַרטרערנטע ראיה אַריינגעשיינט.

מערץ 1971

## מיין שכן דער אַסקעט

מיין שכן דער אַסקעט,
זקן מיט געבויגענעם רוקן,
טרעט אַרוים מיט צער,
קאַיאָר־בראַנדיק רויט,
פון זיין תפיסה־הויז,
גענענט צו מיר דערשלאָגן
און זאָגט:
מאת גסיסה צום טויט פאַרפלאָגט,
ליגן כ׳וועל נאָך פטירה ביי נאַכט
אין מרה־שחורה איינגעשוויגן.
זאָלן געריירטע טיף איבערן גולם־גוף
ביי קאָפּטשענדיקע ליכט תהילים ניט זאָגן.
כעלות השחר בשעת טהרה —
אָפּגיסן, הילן אין תכריך־קלייד.
הייסן די נושאי המטה
און קברות־לייט
פון מיינע ספרים שירים פליקן,
מיך, אחר, מיט די שמות באַדעקן —
חלומות אויסגעלאָשענע,
אין טרערן ניט דערוואַשענע,
דימיון־גיפט געבליבן,
בתוך שריפט פאַרשריבן.
שחת־ריחות פאַרן באַגראָבענעם געביין
אויסריטשען זאָלן ווינטיק געוויין.

מיין שכן־פּאָעט, אַ חולה מסוכן,
אַרוים פון זיין חשכות־געצעלט,

זעט עגמת פון וועלט
אין פרי־גלי אָפּגעשפּיגלט.
אָבל־בלענד אין תבל־ראַנד
פון זון אָפּגעזיגלט
איז מקנא דעם מקובל למד־וואָוו,
בלאָנקענדיק ברוח אלוהים אַרום
ביים ריטשקע־לויף פון וואַלד,
פאַרמוחט אין די הייכן,
זוכט אַ קפיצת־סטעזשקע,
השגחהס זריחה צו דערגרייכן.
מ׳דאַרף נאָר פון דאַנען,
אפק ראַנד,
גיהנומדיק צעצינדט אַריבערשפּאַנען,
וווּ בלי־ספק אין יענער זייט
איז עתיד־בליעכץ
מיט גן־עדן־בשׂמים
פון אחרית־הימים
ווייט צעשפּרייט.
איז מקנא רינד און לעמער
פּאַסטעך שטומען.
באַשערט אים
וווּנדער זען אויף זוניקן שליאַך.
אין טאָליקע
טוט פּישטשאַלקיש
אַ שבח אויסבלאָזן;
מאת נשמהדיקע טיפן
גאולה אַרויסצורופן.

נאָך סיגופים און צירופים פאַרצערט,
בתוך עולמות־עליונים געשוועבט,

בשנות חיים איר קיום געגאַרט.
עתיד לבוא אין די מעשׂה המרכבה
מאת חז״ל־ספרים געפּאָרשט.

כּמאַרעס גרויז מיט טוי,
צו שטילן פון געוויקסן דעם דורשט,
וואָלטן באַדאַרפט זיינע יסורים, וואָס בריען,
ווי הייסע פאַרעס אַריינציען,
פאַראיקליפּסן אין אפקים די פלאַקערדיקע שחקים,
בשעת זון־אויפשיין און פאַרגיין.

יאָרן כּאורה,
אויף אויסלייז געוואַרט,
אין נאַכטיקער שחורה פאַרנאַרט געוואָרן —
ער שטייט פאַרביטערט,
אין אַ טרוים איינגעשווייגט,
קענען צעפלאַמטן האָריזאָנט,
בתוך קאַיאָריקער רקיע,
האָט איבער ראיה
פאַרשאָטנט.
אויף בוים,
באַצווייגט און צעבלעטערט,
אַ קראָ־אַרורה
קראַקעט אוים
אַ וויסטע בשׂורה.

מיין שכן,
אַלט צעבראָכן,
לאַמענטיש קלאָגט:
בטחון פאַרלוירן,

ס׳חיות אויסגעטאָגט,
ש״י־וועלטן אָנגעווירן,
צום תחתיות פאַרשאָלטן,
סטרא־אחראש באַזיגט,
מרה שחורהש פאַרוויגט.

אָן מאָרגן־לויב
פון חושך־הויז אַרויס,
ווו זיו השכינה־שטראַלן,
זענען קיין מאָל
דורך שויב אַריינגעפאַלן.

צווישן גראָזן געשטאַנען,
געזען מאַת שמשדיקע פלאַמען.
רויזן און בלומען וויאַנען.
בעת געטונקלט —
מיט הויזן־רים באַרוועס אויף שטעג
בריפלאַנץ ניט געווייכט.
אין דער פינצטער, צעקווענקלט,
צום מפולת קריק געשלייכט.
געבליבן צעגערנדיק שטיין,
מיט האַרץ־געשוויר
פאַר די געשפענסטער
פון צעפראַלטער טיר,
פאַרכמורעט ס׳געזיכט,
געהערט זשאַבעם זיין מערכה אויסקוואַקען,
די אַרורה,
משונה־וואָראָנע —
אַ בייזע בשׂורה,
אין נאַכט־חשכה אַריינקראַקען.

## פאַנטאַסמאַגאָריעס פון אַ משוגענעם

צעהיצטער מוח, דמיונדיק אויפגעבליצטער,
בילדעט פּראים־ברואים,
מחבליש צעלודערט,
דעכענדיק רויך:
גרויליקע נשימה
שווידערט אָן אימה.

פון איינגעטונקלטער ווייט,
זדראַכען זיך אַרוים מעפּיסטאָ־לייט,
בנות לילית פאַרדריפּקעט,
מאַקאַבריש צעהאָפּקעט,
איינגעדמטע לאַפּעס
מיט העק צעפלאַמטע
צעפּאָכען שרעק.
געשפענסטער־רוחות
פון פינצטער־שחת,
טויכן־אויף אָנעיפושנדיק גערוכן,
אין נעפל געדיכטן מלחמה פעכטן.

צעפיבערטע געהירן,
וויזיאָנירן מכשפות מאת תופת וויסטן,
אָנגעשיכורט, פאַקלען אין פויסטן צעפלאַקערט,
חושך בלינדן אָנצוצינדן.
דאַרבן לופט מיט גיפט —
ווייערכדיקע היץ,
צו אַ געץ אַ קרבן.

אים אין שוועבן איז באַשערט
זען שדים פון דר׳ערד,
ברוח קדים אויפגעהויבן,
אין גיהנום איינצווזינקען.

משוגעת-געדאַנקען, טיף באַהאַלטן
בתוך שאָטן-שפּאַלטן מאַת געהירן,
רעפלעקטירן:
שטומע מאַסקערירטע, זין-געדירטע,
אוים פּיסקעס קרומע צינגער שטעקן,
דאָרמאַנטן קאָשמאַר ארויסצווועקן.

אַ ווילד פאַנטאַסט-בילד
אין מאַרך פאַרפילמירט,
מאַת זכרון אַרויספאָטאָגראַפירט,
וויזיעס, פאַנטאַזיעס,
רעיונות ניט געשטויגענע,
דמיונות צעפלויגענע,
אימות, מרה-שחורה חלומות,
שאַטירן אָן מורא,
קאָנגלאָמאָרירטע קאָמפּלעקסן
מחשבות פאַראיקליפּסן;
אין שרעקבליק פאַרטרעט,
פייערלעך טליען,
אַוועק פון געטומל
צווישן הימל און ערד
שוין יאָרן מיט טראַכטעניש ניט קלאָרן,

אימאַגענאַציעס, האַלוצינאַציעס,
צעפינקלטע, פאַרטונקלטע,
איבער תהומות בתוך מרומות צו פליִען.

פיבערנדיקע געהירן
וויברירן אַרום הינטערגעדאַנקען,
ס'ניט-דערגרייכטע אין לעבן,
בתוך מענטאַל געוועבן איינגעפלאָנטערט.

שׂכל, כביכול-געשאַנק,
ווערט פון אומראַציאָנאַל-קנויט
אין אַ רויט געצאַנק
צו חשכות פאַרצערט.

עתיק יומין-טרוימען,
אימאַזשן צעטומלט,
אין פאַנטאַסמאַגאָריעס
אויסגעפלעמלט.

אַ משונה אימה-בלענד,
איינגעשאָטנט אויף דמיון-וואַנט,
צעפינקלט אין מוח,
הוריות קאָשמאַרישע, סימבאָל-פאַטאַלישע,
פיקטיווירט פאַר די אויגן;
מכשפות מאת מקומות אָנגעפלויגן
אין צעוויכערטע שׂרפות,
פון אַלע עקן וועלט-אָנגעפעכערטע,
מהומות איינגעדרימלטע אויפצוּוועקן.

# הבל־הבלים חלום

אין מיין מעטראָ־כרך־קראָם,
ביים פאַך־ווערקשטעל,
פון ליכט געבלענדט,
מיט אויגן־לופּ איינגעבויגן,
כ׳האָב זייגערלעך פאַרריכט,
צייט ניט פאַרשווענדט.

ביז שפּעט ביי נאַכט פאַרשלאָסן,
צוליב בידנער קלאָגנדיקער פרנסה,
ווי אין אַ תפיסה געזעסן —
פילאָזאָפירט, פאַנטאַזירט,
נשמהדיק צעפּלעמלט,
בתוך מרומות געהימלט,
חלומות געשפּונען,
וועלט־אָנהאַלט צו געפינען.
אין עולם־תחתיות צו שלום געצילט,
יאָרן פאַרלאָרן, אַלט געוואָרן,
ס׳חיות פאַרשפּילט.

בשעת שקיעה טאָפּטשע איך פול שרעק,
מיט פאַרטונקלטער ראיה,
וואַקלענדיק אויף שטעג
צום שחתדיקן פאַרפאַל,
ברוגזדיק אָנגעבלאָזן,
פון שאָטן פאַרלאָזן,
קרעכץ, זיפץ,

נאָך אַ ליכט־שטראַל לעכץ,
איידער אין מאָנסטער־תהום כ׳פאַרפינצטער.

ס׳ליגן איינגעשוויגן
מיינע געזמרטע שירים
אין ספרים־קברים.

וואָס בלייבט פון פייער־לשון
בתוך בלעטער באַטעוולטע פאַרשימלטע איינגעלאָשן?
בלוטיקע אין סופה־תקופה,
בהלה־אויפגעפלאַמטע,
אָנגעזאַמלטע, נבלה־פאַרדאַמטע.

וואָס לאָז איך איבער?
פאַרדרוס־לייד,
ניין מאָס קאָלטענע רייד.
שלעפּ זיך אַרום אויסגעריטשעט,
פאַרמוטשעט שטום,
אויף אַראָפּ־סטעזשקע,
צו כף־הקלע־טאָלן,
מיט דמיון־גרוילן.

שחת־לאַכעס צעפליקט,
בגדים, ניט פון זיידן־פעדעם —
מאת מכשפות געשטריקט —
טוען מיך באַקליידן,
זעלפלאַם פאַרצערט פליסיקן סם,
פון הארץ אַרויסגעשוידערט.

ס׳פאַרשווינדן טעג
אין גאַנג צום אַרמילוס-ברעג,
ווו לילית כיתה האָבן שליטה.
ס׳נעגטערט זיך מיט אימה-ווונדן,
נשמה און גוף צום סוף;
באַגלייט פון יללות,
שאול-קולות, קימער-געיאָמער.

כ׳טראַמפּל שטאָר,
מיטן צער-שטעמפּל אויפן שטערן,
צום תופת בתוך ניט
איינגעאַשט צו ווערן.
כ׳טראָג אין זיך גיפט,
איינגעאָטעמטע פּעסטילענץ-לופט,
אַסמאַטישער הוסט,
פרעסט די ברוסט.
אין געביין — רומאַטישער פּיין.

וואָס לאָז איך איבער?
מרה-שחורה-פיבער?
איינגעכליפּעטן אַרויסגעשיפּעטן גרויל?
דברים בטלים,
אין ספרים צעפּרעסן פון מויל?

כ׳שפּאַן איבער גריבער-גרידעס,
מיט חיות-פינקלעניש גוססדיק טליען,
אין האָדעם-טונקלעניש צו רוען.
אַ פּוילנדיקער גולם
נאָכן הבל-הבלים חלום.

# אַן אויפגעציטערט משוגעת

אַן אויפגעציטערט משוגעת
צעפלאַטערט מיינע מענטאַל־קרילעס
איבער וואָלקנכוואַליעס
צום האָריזאָנטאַל אויפגליִען —
פון מרשעת־תקופה,
מיט שׂריפה צעפלאַקערט,
אויף אדמה אין אַ מלחמה הריגה,
מאת דור הפלגה פאַרשיכורט,
אַוועקצופליִען.

פון פגירה, — סרח־פלאַנץ
און טייוול־בשׂמים פעסטילענץ
געיאָגט ווי אַ וויכער
צו קאַיאָרישער שחר־זריחה,
העכער די שחקים —
אַ מקום מנוחה געפינען,
אין די מרומות
חלומות שפינען.

אַ נשמה־עמאָציע, פאַטעטיש טיף,
גאַרט אַריבער גראַוויטאַציע־פלוג,
וואָס שווערט גוף מאַגנעטיש קריק צו טמא ערד.

צעפליגלט
אין חלל פאַרוואָגלט,
כ׳פרעג :
איז פאַראַן בתוך הייך,

ממעל אפק-פלאַמען,
אַ סמבטיון-טייך אַריבערצושווימען,
ווו ס׳וועט אין רחבות אַ גאולה-מגילה
פון עתיד צייטן
פאַר מיר זיך שפּרייטן,
קנאה-שׂנאה מאת שטן בייזן,
אין אנשי לבבות ניט טליִען,
כל עולם הברואים,
מיט הימלישן מן זיך שפּייזן.
בעת שחריתדיקע זהרור-שעהען בשלוה ושלום,
בתוך השגחהס שאָטן רוען?

כ׳טראַכט:
אויב כ׳בין ניט ראוי אין מיין שקיעה,
פאַרן פאַרפרירן,
בזיו-השכינה אַריינאילומינירן,
זאָל איך כאָטש בתוך די גסיסהדיקע ווייען,
נירוואַניש זיך פאַרטייען.
אַ טרוימערייי באַדיי
אין אַ מעטעאָר פון אור הגנוז צעקינדלען,
בתוך אייביק טונקלדיקער נאַכט
אַ פינקלדיק ליכט אַרומוואַנדלען.

איך, אומרו גרייז-גראָ, ווייס:
ס׳שוועבן צו אַסטראַל-ספירות,
גרייכן די כוכבי מאורות,
איז אַן אילוזיע.

איבער מדבר־שטחים
בתוך דרכים דיסטאַנציק ווייט,
אין אַ וויסט פּוסטקייט צעחשכהט,
שטרויכלען טויטע פּלאַנעטן,
פאַרפּלאָנטערט אין צייט.
ס׳טוכלען גליווערנדיקע סאַטעליטן,
פאַרווינטערט איינגעצווינטערט.
טאָרנאַדאָס צעיללהט,
שחת־זאַווערוכעס פאַרקללהט,
פראָסטיקער גלי אין אייביק דויערן געפרוירן,
שטערט דעם אַרויספלי.

מיט זעל קראַנקער כ׳בלאָנקע,
צעפלאַטערט אין די מרומות,
איינגעביטערט אין ליידן,
שוועב איבער כאַאָטישע תהומות,
זוך גן־עדן,
וווּ ס׳שטורעמט, ליאַרעמט געטלעכער פלוך.

כ׳וויכער העכער די שחקים,
צו זריחה איבער שטראָמיקע טייכן,
אַ מקום־מנוחה דערגרייכן.

ס״טראָגט מיך אין פליִען אַ משוגעת,
אונטער עץ־הדעת־בליענדיקע צווייגן צו רוען,
ווו כביכולם חידות און סודות
ווערן אין שׂכלם מאַרך
פאַרשושקעט מיט שאָרך אין אַ שטילשווייגן.

ס׳ציט מיך צו זיין אין וועלטן־עק,
אַוועקגעהימלט
פון מהומה־שרעק,
אויף קויטיקער אדמה
אין אַ בלוטיקער מלחמה
איינגעטומלט.

## אויפן שקיעה־שטעג

ס׳קען טרעפן, בשעתן שלאָפן,
ווען בראָדזשען איבער טייכן,
צום שקיעה־שטעג, סוף צו דערגרייכן.

אויף מסילה בתוך זריחה,
זען מכשפות השכה אָנפּאָכען,
מאת הלום ניט אַרויסצוזדראָכען —
פֿאַרטונקלען זינק־גאַנג,
איינגעפּלען קריק־בליק,
געדאַנקען פֿאַררויכלען,
ס׳צאַנקען שטרויכלען;
מיט עיפּוש־סאָפּענדיקן געדוך,
איבלדיק נודיען —
מוח פֿאַרטשאַדען
גאַרגוילן פרעסקאָס,
גרויל־פרצופים,
מיט צעקרימטע פּיסקעס,
דמיונדיק מאָלן.

פון שטעכל־פּלאַנץ
דערנער־קרענץ פלעכטן,
אין אַ קאָשמאַר־טראַנס
דיין רעיון געשפּינס
אומשׂכלדיק פֿאַרפּלאָנטערן
מאת פאַנטאַזמאַ ניט אַרויסצומינטערן.
בתוך מוח ס׳רוישן, הוזשען,
גוף צעדראָזשען, נפש פרירן;

פון ספּאַזמיק שטעכן
ביים דעכען
וויטיק שפּירן.

אַ פּאַרזעעניש צעקריפּלט דאַר,
געשטופּלט,
קומען וועט אַקעגן,
אויף משקל־שאָל מיט קרעכץ דיין שלעכטס אָפּוועגן,
קוקן צאָרנדיק שטאַר,
הייבן שטעקן דיך צו שלאָגן,
פּחד אָניאָגן,
מאַת תרדמה אויפצוּוועקן.
אַ באַפליגלטע בריאה,
מיט אַ געוויין־אויסברוך,
פלאַטערט דורך דיין ראיה,
דערפילסט אַ האַרץ־שטאָך.
וועקסט זיך דורך
מאַת קראַמפּיקן פּיין פאַרמאַטערט,
צעטראָגן, אַנגסטיק באַשלאָגן.

ווי אַ גולם,
האָט חלום דיך געפירט,
אין שׂמחה־אימה פאַרהיפּנאָטיזירט.
קריכסט פון בעט אַראָפּ.
אין קאָפּ שווינדלט.
קאַנעץ־פלעמל צאַנקט מיט שאָטנדיקן בלענץ.
אויף וואַנט — פאַנטאַזיע־רוחות
צעאימאַזשט מיט שחת־טענץ,
מאַת חשכות־וועלט.
טוסט הענט אָפּגיסן,

מערקסט זייגער אָפּגעשטעלט,
אויפצוג־קייטל איבערגעריסן,
פאַרזשאַווערט ווערק טרוקן, איינגעשטויבט,
יאָרן, אָן תּיקון געגרויבט,
מעת־לעת־שעהען, געציילט,
רגעס פון מינוט אַרויסגעטיילט.
רעדלעך אויסגעריבן,
פון וואָגקראַפט געטריבן,
אין צייטרוים פאַרפאָרן.

זעסט אין שפּיגל
זיקנה־זיגל,
עגמת־סימנים,
קאַרבן אין פּנים,
אָנהאָריקן שאַרבן.
אונטער די אויגן ברוין־בלאָ צייכן,
צרות־שטריכן.
אַ פאַרכמורעט טרויערן
אין דיין בליק טוט הויערן.

אויפקום פון קאַיאָר
פאַרמינערט ניט דעם צער.
לייגסט טלית און תּפֿילין
פּחד אין מוח איינגעטשאַדעט,
דמיונדיק איינגענאַדעט,
מיטן שם־אחד
איינצושטילן.
כּאורה ס׳תּחנון זאָגן
נשמה־מהומה,
פּאַטאַלע מורא אַרויסיאָגן.

# קוואַטריינאַדעס

נאָכן רוביאַט פון אָמאַר קאַיאַם

פיל אָן מיט קאַשמאַר־זאַפט דעם כוס.
זשלאָקע די טערפקע ביטערניש אויס.
צעפיבער וויזיאָניש דרעמלדיקן מאַרך
מיט טייוולס שׂרפנדיקן אַמברויז.

***

אַ צעפליגלטער אין פאַנטאַזיע,
טראָג זיך בדמיון צום מזרח־צעגלי,
נים צעטשוכעט מיט זוניקן שיין
איז דער קאַיאַריקער צעבלי.

***

צום דיסטאַנצנדיקן האָריזאָנט
וואָלקנט אַרויף אַ תחתיות־בראַנד
מיט כוואַליענדיקע שחת־רויכעס,
צעפּאַקלט פון מעפיסטישער האַנט.

***

אוים ווולקאַנס פורגאַטאָריש צעפלאַמט
זידענדיקע לאַווע רוישיק ברומט.
ס׳ריטשעט פייפיק פון שממה אַרויס
גאַזיק שטיקעניש דאַמפּיק צעזשומט.

***

ווי דער אָדלער סאַזשעדיק איינגעריסט
פליגלט אַוועק מאת פאַררויכטער נעסט,
טראָגסט זיך במחשבה העכער די כמאַרעס,
בשעת אדמה ווערט פייערדיק פאַרוויסט.

***

בתוך מהומהדיקער אונטערשטער וועלט,
איינגעלודערט אין רשעות־געוואַלט,
פאַרוויכערן טומאהקע רציחה־טעג,
שואהדיק מיט דם־שפיכה צעקוועלט.

⁂

יאָרן מאַת געמוטשעטן לעבן,
הרהורדיק אין זכרון דורכשוועבן,
רוחניות געשפינטע חלומות —
הבל הבלימדיקע געוועבן.

⁂

געדמיונט וועגן נביאישן טרוים,
פאַרבאַטענע פרוכט פון הדעת־בוים
טערפקע ביטערע איינגעביסן.
זינקסטו פאַרפלוכט אין אומענדלעכן תהום.

⁂

פון התנכלות־טשאַד אויפגעוואַכט —
דערהערט שר־שד הילכיק צעלאַכט,
נעפּלדיק להכעיס אַרויסגעדעכעט —
פלאַמיקן קרבן צום מולך געבראַכט.

⁂

פון צעגיהנומט פלאַקערדיקן ברעג,
זדראַכען ניט אַרוים צוגעזאָגטע טעג,
מיט לעמל־רו אין וועלפּישער שוים,
אומפאַרצאַפּלט מאַת טויטלעכער שרעק.

⁂

שעפּ אָן אין די הויפן רויטלעכן טוי,
גיפט געטריפט אויף פאַרוויאַנעטן שטרוי.
מאַת דם־פאַרעס כמאַרעס פאַרקילטע,
צערוזשעטע פאַרמראַזשעטע גרוי.

⁂

איינגעחושכט אין הימלישן הייך,
פאַרווימלט פון עם־ישׂראל־רויך —
מאת הונען אַ קרעמאַטאָריע עולה,
געבראַכט צו וואָטאַן־וואַלהאַלאַ־רוצח.

***

מאת שפּרודלדיק שיכרות אין כּוס,
טרינק אויפגעברויזט ביטערניש אַרויס,
באַרויש־אָקאָוויט שׂרפהענדיק ס׳בלוט,
צעפּאַמפּענדיק האַרץ מיט מהירהדיקן שטוים.

***

צווישן קברים צעבראָכן מיד,
בלאָנקעט אַרום דער צלם־ייד;
בלאָטיק ברודיק באַרוועסע פּיס,
פון סם־געוויקסן ווונדיק צעבריט.

***

אָן אומרו־געיאָגטער וויסט פאַרלאָזן,
צעטראַמפּלנדיק די קראָפּיווע גראָזן.
באַלעסטיקטער מיט כּל־עולם זינד,
פון טאָרנאַד־ווינטן נאָכגעבלאָזן.

***

יללות צעגעוואַלדיקט אויף דר׳ערד,
ווערן הויך אויבן ניט דערהערט;
ריטשענדיקער אַרויפגעשריי,
מאת בלוט פאַרגאָסן פון סדומעדיקער שווערד.

***

זענען ניט פון תּפילהקע מינען,
פאַר סנדלפון אַ קרוין צו שפּינען,
כּסא הכּבוד צום באַשיינען,
געטלעכע שבחים נאָך געווינען.

***

איבער צעצווינטערט מלחמה־פעלד,
דראַזשענדיק פון שוידערלעכער קעלט,
יאָגט אַרום אַ משוגעת געפּלאָגטע,
מיט טויטע קללות וויסטיק צעשעלט.
*
**
בתוך מזרח־רקיעדיקן אויסבויג,
איז פרײַקע זון אַ בלוטיקע אויג
אין בראַנדיק זדון אויסגעבאָדן,
פון גרויל־מלחמות מאת עוג ומגוג.
*
**
ס׳גיהנומדיקע מוראדיק צעשפּילט,
אין בליק פון אַ הונט אימהק צעבילט,
אויף דעמאָנישן שקר־פלאַקער,
ס׳וואָיעניש דם־התמצית פאַרקילט.
*
**
בשעת ס׳שווינדלט אַוועק קויטיקער טאָג,
מיט איינגעעגמתט וויטיקע פלאָג,
שחת־רוחות, לויהש נאָכפעכערן,
אַ תבלדיקן יאָמער־געקלאָג.
*
**
בתוך דעמערדיקן מערב־האָריזאָנט,
אַ שחק־שׂרף האַלט אַ וואָג אין האַנט,
חשכה און זריחה אויף שקול־שאָלן,
אַקעגן זון־זינק, שימערדיקן בראַנד.
*
**
ס׳משקולת־צינגל טייטליש גענייגט,
צום קברות־פעלד אין בלוט אויסגעווייקט,
רציחה־שיסל שווערנדיק אַראָפּ,
שכינה זריחה בתוך גרינגער געלייגט.
*
**

עדות אויף צעבית-עולמטער ערד,
איז ס'ווערמיק קריכיקס אין איר געמערט ;
שליימיקע שוואַמען, סמיקע בלומען,
מיט טראַפּענדיקס פון ערפלן גענערט.

**
*

ווידער דמיונסט וועגן צלם-ייד,
בעת שקיעת החמה שׂרפיק צעגליט ;
זינד-זאַק אויף רוקן קויטיק צעריסן,
עגמת-נפש בתוך טיפעניש צעברינט.

**
*

אין הייליקער שליחות משיחיש געפעלט.
אים וואַזשעט אַראָפּ חטא פון דער וועלט,
אויף מלחמה-פעלד און שיידוועגן,
אַ גאָטס סטראַשידלע אַוועקגעשטעלט.

**
*

פון קאַיאַר-שימער אין מזרח געפּאַרבט,
מערב-דעמער בין השמשותדיק אַרבט,
לעצטן בראַנד מאת גסיסהדיקן טאָג,
בעת אַ צעדמטער בתוך נאַכט אַריין שטאַרבט.

**
*

פאַרקברימט אין זיך מענטשלעכע לייד,
איינגעגעסטלט אין מעת-לעתיקער צייט,
אַ פאַרשיכורטע, צעפלאַקערטע,
בעת שׂרפענדיקע זון פאַרגייט.

**
*

וואַש אויס פון ראיה נעפּלישן גרוי,
ניט מיט דעם אומצעפינקלטן טוי,
אין שחרית-שעה אַראָפּגעדריפּעט,
מאת כמאַרעס, איינגעוווּנדיקטע רוי.

**
*

אַ דרימנעדיק אַלגעוויקסן גיפט,
פון דמיקע פּאַרעס אַראָפּגעטריפט,
חטאת קרבנות געווירעכט צום כריסטאָס,
פּאַר רוצחישע זינד ניט צו ווערן באַשטראָפט.

***

שאַרלעך־קרעציק, שימלדיקער שוואָם,
צעעיפושט מיט אַ בלאָלעכן פלאָם,
אָנטשאַדענדיק פגירה־געררוך;
מיטן אויספּליסנדיקן וויטרום־סם.

***

בתוך איינגעחושכט פעלדזיקן שטיין,
היראָגליפיש טראַומאַטישער פיין,
אין אַ פייער־בלענד זיך צעבליט,
פון שקיעת החמהס לעצטן פאַרשיין.

***

רעגן־בויגן אין מערב־האָריזאָנט,
וואָרעניש קעגן מלחמהדיקער זינד,
איינגעצערנט בתוך הימלישער הויך,
מיט ענן־גיהנומס אָנגעצינדט.

***

צעפּאָכעטע שווערד אַרוים פון שייד,
ווי נעכטן איז היינט פעכטן בערייט,
אַטאָמיש, דינאַמיש, דעמאָניש,
איז שׂטנס ברענענדיקע שאָדנפרייד.

***

מרה־שחורהש געדאַנקלעך פאַרזינקט,
פעך אין קוויילענדיקער ווונד געטינקט,
שרייבסטו פון זיך ס׳פּלאָגעניש אַרוים,
אימה בתוך נשמה איינגעקרענקט.

***

אדמה איז פון מלחמה צעדמט,
מיט סדום-רשעות בני אדם פארסמט,
צו קין-זינד מעפיסטיש געררייצט,
משוגעתדיק די מוחות צעפלאמט.

**
*

מאת האָוליקאָסט אַ צעשטורעמטער ווילד,
שוידערדיקער דראָזש נפש-פאַרקילט,
גרויל ווונדיקס בלוטיקט איינגעווייטיקט,
ווי פון אַ קויל בתוך הארצן געצילט.

**
*

צעזיד, טייוול, מרירות אין אַ טאָפּ,
ס׳סמיק-שוימיקע שעפּ ניט אראָפּ,
טראָג צו קלויסטערם ס׳שרפענדיקס אַוועק.
ביים אַרויסגאַנג פון די דרויסן-טרעפּ.

**
*

דערלאַנג אין פאַרטרפהטע כלים,
באַרבורישן שנאַפּס דעם המון עולם,
אכזריותדיק זאַט מיטן בלוטיקן חטא,
פרום פאַרגלאָצטע צום צלם-גולם.

**
*

רשעים וואָס אינפערנאָס צעפלאַקערן,
מיש שעדלעכן אַמבראָזיאַ פאַרשיכורן,
ס׳דם-רע שגעונדיק אויפקאָכן,
תהתון-שאול אונטער זיך צו צעאַקערן.

**
*

פיל אָן פאַרן גלח ס׳גיפטיקס אין כוס,
פאַרמענטן בוז, פון מאָרטים-רויז,
נאָכן בייזן ליגן אויסצוזשלאָקן,
בלבולדיק נבלהשן יידן-האַס.

**
*

ס'טשוכעט זיך רויט קאַיאָריקע צייט,
זריחהש קומט אויף, חשכהשע פאַרגייט,
פאַר נאַכט געפּלאָגטע אויסגעטאָגטע,
מיט אַנגסטיק־שאָטנס, פון פּיינפולע לייד.

**
*

חיות־חלום אַ ווייל דיר געשאָנקען,
אַ גסיסהדיקער צו פאַרצאַנקען,
מיט שווינדל־רגעס, אייל־מינוטן,
בתוך עבר נישטעניש איינצווזינקען.

**
*

אויף קריגס־צעריעטן הריסה־שליאַך,
מיט פיל צעממיתטע אַרום זיך,
בלאָנקעסטו תהו־ובוהודיק.
אַרויסהעשנדיק טאַרמענטישן פלוך.

**
*

ס'צעטשאַדען זיך ווולקאַן־רויכעס,
אבדון זדון מאת בייזע רוחות,
ס'סאַזשיק פלעמלען פאַרכמורעט די הימלען,
איינפינצטערנדיק מרומות אין אַ שחת.

**
*

איבער דער חשכה עזאָזל שד
ליאַרעמט קעגן דער השגחה פון גאָט,
שטורעמט מיט צעדונערטע בליצן
אַ טערמאָס־כעסיקן אויסלאָד.

**
*

שטראַלנדיקע זון צעשימערט אויפטאָג,
מיט אוראָרישן זוהר־פאַרמאָג,
ווערנדיק רויטלעך איינגעדעמערט,
בעת איר בלוטיק שקיעהקן אָפּטראָג.

**
*

פײַנלעכע זאַרג זאַפּט זי אײַן זיך אײַן
פּאַטאַלע בענקעניש בײַם פאַרגײן.
צעעפנט אין האַרץ יסורים־קברים,
פון אַ לאַנג פאַרכליפּעטן געװײן.

***

גיס אָן אַ בעכער שׂרפיקן זאַפּט.
טרינק דעם שומיקן ברויזיקן גיפט,
װיזיעס פורכטיקע אײַנצונעפּלען,
שרעק־פאַנטאַזיעס האָבן פאַרשלעפּט.

***

פאַרשנאָשקע זיך שיכורדיק װי לוט
אײדער רויכנדיקער נפש־קנויט
פלעמלט פלאַטערנדיק ס'חיות אַרויס,
צאַנקיק אײַנלעשנדיק זיך אין טויט.

***

גענערט פון טריפנדיקער װוּנד,
דאָס נשמה־ליכטל אָנגעצינדט,
קאָפּטשענדיקע יסורים צעסאַזשעט,
ס'ממיקע דם אין אָדערן צערינט.

***

זײגער, פאַררודערט מעת־לעתיקע שעה,
צע'רגע'ט מינוט, מער זי ניטאָ.
װי סעקונדן יאָרן פאַרשװינדן:
ביסט אָט געװען יונג, שוין אַלט און גראָ.

***

מיתה־מאָנסטערס פליגל צעפּאָכעט,
פון מהומה־חלום דיך צעזדראָכעט.
דערנענטערסט זיך צום װיסטיקן סוף,
מעלאַנכאָלישדיק אײַנגעחשכהט.

***

באַטויב מיטן טרונק ס׳בת־קול צעשרייט,
ראַדיאָס צעגוואַלדיקטע כל־עולם־לייד,
פאַרציטערט אין דיר איינגעביטערט,
קעגן מחבליש אכזריותדיקער צייט.

**
*

איידער ס׳פאַרבלינדלט ראיהשע שיַין,
ניט פילן ספּאַזמישן כאָרכל־פּיין,
גרויליק מוראדיק איינגעגליווערט,
גרימיק פאַרטשעמעט צווישן די ציין.

**
*

בלייבן וועט בתוך אָן־רוחיקן גוף,
איינגעעפּרט אין אייביקן שלאָף,
אַ מאַרטאַלישער האָס־פאַרדראָס,
סמיקער קראַמף מאת שברת־הלב.

**
*

באַשרייב מיט פען געטונקען אין טינט —
מאת נפשם רוי צעגראַבלטע וווּנד,
רעיונות זמישיש צעפּיבערטע,
דמיונות חשכותדיק געשפּינט.

**
*

מורא אַרויסגעוועקט אין זכרון,
איינגעדרימלטע צער־טאָרטורן,
מחשבות רעות פאַרשימלטע,
פון פאַרשווווּנדענע פּחד־יאָרן.

**
*

ביי מאַמעס בריסט אַ זייגענדיק קינד,
מילך פאַרגאַלטע אין מאָגן גערינט,
האָט בייכל־גרימעניש אָנגעברויעט,
קאַפּריזנע קייכענדיק דיך צעמינט.

**
*

זייט דעמאָלט איז דיר וועלט ניט ניחא,
תּרועומותט כסדר אויף מערכה,
מאת פינצטער סמוטנעדיקן לעבן,
פאַראיקליפּסענדיק ראיה־זריחה.
***

אויף קברות־פעלד פאַר מצבה־שטיין,
פון דיינע קינות פאַר טויטע לייען,
ס׳טאָרמענטיש פאַראָבלט איינגעסקריבלט,
אותיותדיק צעכליפּעט געוויין.
***

פיל אָן מיט מרירות דעם באַקכוס־כּוס,
זשלאָקע ס׳פייערדיק פאַרמאָרעניש אוים,
צעפּאַלפּעטרענדיק הארצנס טשאָכק,
מיט שנעל צעדופקט שטורציקן שטוים.
***

ווייל צו דעם פאַרנאַרטן עולם,
איינגעפּאַנטאַמט אין אַ חלום,
מאת גן־עדן פינקלדיק געגרייט,
פאַרשכינהט צו רוען בשלווה ושלום.
***

פון ספקות דיבוקדיק באַזעסן,
אימה אין נשמה איינגעפרעסן,
ס׳זאַלציק יסורימדיקס אין האלדז פאַרשלינגסט,
טרערן יללה ניט אויסצוגיסן.
***

מיט פּליסיקן צעשפּרודלט אין גלאָז,
יערנדיקער זאַפט פון מאַרמאַראָס,
פאַרשיכור וויסטע טרוימעניש,
פון קאָשמאַר־אַנגסט, טשוכע זיך ניט אוים.
***

פילסט אין שפּעט איינגעחושכטער שעה,
איינגעצאַפּלטן אומרו-רע,
הערסט אַ גרילציקע פּטירה-בשורה,
צעקראַקעט אַ צעפליגלטע קראָ.

**

ס'שווינדלען דורך וווּנדיקע מינוטן,
אויסגעווייקטע אין אַרטעריע-בלוטן,
פון געריבטע האַרץ צעפּולסירטע,
איידער ווערסט פון חיות פאַרשניטן.

**

מאַת דער משקה אין דעמפּיקן פּאַס
אָנפילן זאָל מען חשמלישן כוס,
פאַר די געזינקען זיך אַנצוטרינקען,
מיטן שוימיק סמענדיקן אַמברויז.

**

ביי דיין קבר אויף בית עולם אָן צוים,
וועלן אינזעקטן זשוזשען און פּוזשען אַרום,
ווערן פאַרסמטע, איינגעשליימטע,
מאַת פלאַמיקער שוואַם און גומיקער בלום.

**

ווער אין דער צעיאָמערטער מרירה,
בתוך איינגעקרעמפּטער קוואַטריין-שורה,
כתביש צעתחינהט איינגעקינהט,
וועט מעיין זיין נאָך דיין קבורה?

**

אַ יסורימדיקע וויי און ווינד,
אויסגעהעשעט פון נשמה-לאַבירינט,
צו נפשדיקע השתפכותן,
ווערן לבבידיק צוגעבינדט?

**

באמוחן צעביטערטע פֿאַראיבלען,
איינגעבלעטערטע צווישן טאָוולען,
געסופּרטע לאַמענט-דיבורים,
מעדיטאַטיוו שווייגנדיק באַאָבלען?

******

אַ מרה-שחורהניק דערשלאָגן
אייגענע עגמותן אויסקלאָגן,
בעת שוויפּטשיק אָנגעטראָגענער ווינט,
וועט רבנן-קדיש נאָך דיר זאָגן?

******

ינשוף-עוף, דער אייביקער מקונן,
פֿון אַ בוים-פּניאַק וועט דיך באַוויינען,
ווי אַ תחינהרין וואָלט פֿאַר אים פֿריִער
דיינע לאַמענטאַציעס פּירלייען?

******

וועט וואָגלער פֿון שואהקע מקומות,
אַרויסשלוכצן אויף בית-עולמות,
אַ הייליק זיפֿציקן נעקראָלאָג
צו אל-נקמות, שוכן במרומות?

******

פֿאַר נאָענטסטע רציחיש אוועקגעריסן,
און אומגעקומענע מיליאָן-מאַסן,
ענוימדיקע יללהניש,
זידיק טרערעניש אויסגיסן?

******

צי מיט אַ צעוויטיקטן גרויל-געפּיל,
הזכרה-תפֿילה שעפּטשען שטיל,
פֿאַרצרהטע, אַרויסגעמררהטע,
טשירפּענדיק באַגלייט מעת עלנטע גריל?

******

ווערט בתוך שטאָקנאַכט אָן מינדעסטער שײַן,
גאַליק אײַנגעכריפּנעטער פּײַן
אַרויסשיפּען פון צעגריזשעטן האַרץ,
אין בלאָנדזשענדיקן פאַרוואָרלאָזטן אַלײן?
***
מאַת ערגעץ האָרכן יעלהן אַ קינד,
ס'וואָיענדיק האַווקען אַ בלודנע הונט,
אויף סמוטנער מוטנער פינצטערניש,
צעעיפושט מיט פאַרבלוטיקטער זינד?
***
פון בית־הקברות טערנע־צווײַגן
ווערט מעפּיסטאָ ס'טערפקעניש זײַגן,
פאַרשאָלטן אויף דײַן קבר קאַלטן,
שטעכיק קראָפּעווע־קרענצל לײַגן.